I 1.463.167
7683/31

פראָפ. זיגמונד פרויד

# די פסיכאָלאָגיע פון די מאסן און דער אנאַליז פון מענטשלעכן „איך“

צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע

פאַרלאַג מ. יערוכעמזאָן
וואַרשע, 1931

אט וואס דאָס גאַנצע גייסטיקע אייראָפּא זאָגט וועגן

# פּראָפ. זיגמונד פרויד

אין זיין בוך

## די פסיכאָלאָגיע פון די מאַסן און דער אַנאַליז פון מענטשליכן „איך“.

ווער איז פּראָפ. פרויד?

אויפן געביט פון דער מענטשלעכער נשמה-פאָרשונג אין אונזער צייט איז פּראָפ. זיגמונד פרויד איינער פון אירע גרעסטע פאָרשטייער. זיין געניאַלע העכסט אייגנאַרטיקע טעאָריע, דער אַזוי גערופענער „פרוידיאַניזם“, האָט אויפגעעפנט וועגן צו דערקענטניש פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע זענען ביזן הײַנטיקן טאָג געווען פאַרהוילן אין די טונקלסטע טומאַנען פון דער נישטבאַגרייפבאַרקייט.

דער „פרוידיאַניזם“ האָט דערמעגלעכט דעם אַנאַליז פון פסיכאָלאָגישן „זיין“ וואָס שייך דער קוים שפּורהאַפטע רעגונג ביז צו דער גרעסטער הערשער אָנשטרענגונג ביים יחיד ווי ביי די מאַסן.

עס איז נישט פאַראַן קיין איין קולטור-שפּראַך, וועמענס ליטעראַטור זאָל שוין נישט האָבן פאַראייניקט אין זיך די העכסט וויכטיקע ווערק פון דעם דאָזיקן גרויסן געלערטען.

---

מיר מיט אונזער אויפגאַבע קומען צום ערשטן מאָל אין יידישן מיט איינס פון זיינע אינטערעסאַנטסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן „מאַסע“ און „איך“ און זייער קעגנזייטיקע באַציונגען. דאָס בוך קען נישט בלייבן אומבאַמערקט פאַר קיין שום דענקנדען מענטש.

דאָס בוך איז איבערגעזעצט פונם אָריגינאַל, פון דער לעצטער דייטשער אויסגאַבע דורך ש. לערמאַן.

---

פּרייז 3.50 גילדן.

Biblioteka Narodowa
Warszawa
30001020810359

פראָפ. זיגמונד פרויד

# די פסיכאלאגיע פון די מאסן און דער אנאליז — פון מענטשלעכן „איך".

איבערזעצט פון דער
דייטשער לעצטער אויסגאַבע
שרה לעהרמאן

פארלאג מ. ירוחמזאן
ווארשע, 1931

געווידמעט דעם אמתן מענטש און אויפריכטיקן
פריינט — פרוי גאָלדע סקאַלע, ניו-יאָרק.
דער איבערזעצער.

BIBLIOTEKA NARODOWA BN
I 1.463.167

**PROF. ZYGMUNT FREUD**
**PSYCHOLOGJA MAS a ANALIZA CZŁOWIECZEGO „JA".**

Tłom. S. Lerman

Wydawnictwo M. Jeruchemson
Warszawa Miodowa 24.

Druk. „Rekord", W-wa. tel. 537-36.

# אינהאַלט:


1. אַריינפיר — — — — 5–7
2. לע באָנס שילדערונג פון דער מאַסן-נשמה 8–22
אַנדערע אָפּשאַצונגען פונם קאָלעקטיוון נשמה-לעבן 23–31
4. סוגעסטיע און ליבידא — — — 32–38
5. צוויי קינסטלעכע מאַסן: קירך און אַרמיי 39–48
6. ווייטערדיקע אויפגאַבן און אַרבעטס-ריכטונגען 49–55
7. די אידענטיפיצירונג — — — 56–64
8. פאַרליבטקייט און היפּנאָז — — 65–72
9. דער סטאַדע-אינסטינקט — — — 73–80
10. די מאַסע און די אור-האָרדע — — 81–90
11. אַ שטופּע אינם איך — — — 91–98
12. דערגענצונגען — — — — 99–113

# אריינפיר.

די טעאריע צווישן דער אינדיווידועלער און סאציאלער אדער מאסן-פסיכאלאגיע, וואס האט אונז אויס אויפן ערשטן בליק צו זיין א זייער באשטימטע, ווייזט זיך גאנצנישט אויס אזוי שארף נאך א גרינטלעכער באטראכטונג. הגם די אינדיווי-דועלע פסיכאלאגיע שטעלט זיך טאקע אויף דער אבסטראהירונג פון דעם איינגעשלאסענעם מענטש, פארשט דורך וועלכע וועגן ער זוכט צו דערגרייכן די באפרידיקונג פון זיינע נייגונגען, דערביי אבער קומט איר זעלטן אויס, און באשטימטע אויסנאם-באדינ-גונגען, נישט אין שטאנד צו נעמען די באציונגען פון דעם איינ-צעלנעם צו די אנדערע אינדיווידואומען. אינם גייסטיקן לעבן פונעם איינצלנעם מענטש קומט תמיד אין באטראכט דער אנדע-רער אלס פארבילד, אלס אביעקט, אלס העלפער און אלס קעג-נער, און דעריבער איז די אינדיווידועלע פסיכאלאגיע פון אנ-הייב אן גלייכצייטיק סאציאל-פסיכאלאגיע אין א פארברייטערטן, אבער דורכאויס באגרעניצטן זין.

דאס פארהעלטעניש פון דעם יחיד צו זיינע עלטערן און

ברודער-שוועסטער, צו זיין ליבע-אביעקט, פון צו זיין דאקטער.
אלזא, די אלע באציאונגען, וועלכע זיינען פון [illegible] נאטור
הויפטזעכלעך אן עניין פון פסיכאנאליטישער אויספארשונג, קענען
ארויסשטעלן א פאדערונג אפגעשאצט צו ווערן אלס סאציאלע
פענאמענען און דאן אנטקעגנגעשטעלט ווערן [illegible] אנדערע, דורך
אונז אנגערופענע נארציסטישע, פראצעסן ביי וועלכע די
באפרידיקונג (געטריבן פון די נייגונגען) מיידט אויס דעם איינ-
פלוס פון אנדערע מענטשן אדער איז מוותר אויף אים. די
סתירה צווישן סאציאלע און נארציסטישע — Bleuler וואלט
אפשר געזאגט אויטיסטישע, גייסטיקע אקטן, — געהערט,
אלזא, דורכאויס צום געביט פון דער אינדיווידועלער פסיכאלאגיע
און איז נישט פעיק צו ווערן אפגעטיילט פון דער סאציאלער
אדער מאסן - פסיכאלאגיע.

אין די אויבנדערמאנטע פארהעלטנישן צו עלטערן און
ברודער — שוועסטער, צו געליבטע, צו פריינט און צום דאקטער,
באקומט דער יחיד שטענדיק נאר דעם איינפלוס פון אן איינצע-
נער פערזאן אדער פון א זייער קליינער צאל פון פערזאנען, פון
וועלכע יעדע איינע האט פאר אים אגעוואלטיקן באטייט. מ'האט
זיך צוגעוווינט, ווען מען רעדט פון סאציאלער אדער מאסן —
פסיכאלאגיע, נישט אין א.ט צו נעמען די דאזיקע באציונגען און
אויסצוטיילן אלס באזונדערע זאך דעם גלייכצייטיקן באאיינפלוסט
ווערן פונם יחיד דורך א גרויסער צאל מענטשן, מיט וועלכע
ער איז דורך וואס עס ס'איז פארבונדן, בעת אין א סך הינ-
זיכטן קענען זיי אים גאר זיין פרעמד. אלזא, די מאסן — פסיכא-
לאגיע באהאנדלט דעם איינצלנעם מענטש א.ס מיטגליד פון א
שבט, פון א פאלק, קאסטע, שטאנד, אינסטיטוציע אדער באשטאנד
טייל פון א מענטשן — מאסע, וואס האט זיך פאר א באשטימטן
צוועק ארגאניזירט אויף א געוויסער צייט אלס מאסע. נאכן
איבעררייסן אזא נאטירלעכן צוזאמענהאנג, קען מען איצט אפ-
שאצן די דערשיינונגען, וואס קומען פאר ביי די עקסטערע בא-
דינגונגען ווי אן אויסדרוק פון א ספעציעלער נייגונג, וואס גיט
זיך שוין נישט אונטער קיין ווייטערדיקער אויפלייזונג, — א סאצי-

יאַלע נייגונג—Herd instinct 1) group mind 2)—וואָס קומט נישט צום אויסדרוק אין קיין שום אַנדערע סיטואַציעס. מיר דאַרפֿן אָבער אַרויסשטעלן אַ טענה, אַז עס איז פֿאַר אונדז שווער צו-צוגעבן דעם מאָמענט פֿון דער ״צאָל״ אַזאַ גרויסן באַטייט, אַז זיך (דער צאָל) אַליין זאָל זיין מעגלעך צו דערוועקן אין מענטש-לעכן גייסטיקן־לעבן אַ נייע און ביז אַהער נישט־עקסיסטיקע נייגונג. מיר וועלן אַלזאָ ווענדן אַנדער אויפֿמערקזאַמקייט אויף צוויי אַנדערע מעגלעכקייטן; די סאָציאַלע נייגונג קען נישט זיין קיין אורשפּרינגלעכע און אומפֿאַרטיילנדיקע, און אַז די התחלות פֿון איר בילדונג קען מען געפֿינען אין אַן ענגערן קרייז, ווי, למשל, אין דער פֿאַמיליע.

די מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, הגם זי געפֿינט זיך איצט אין איר אַנטוויקלונג־צושטאַנד, נעמט אַרום אַ נישט איבערדעבאַרע-מענגע פֿון איינצלפּראָבלעמען און שטעלט דעם אויספֿאָרשער או־ביילקע, און דער היינטיקער צייט נאָך נישט אינגאַנצן אָפּ-געטיילטע פֿון זיך, אויפֿגאַבן. די בלויזע גרופּירונג פֿון די פֿאַר-שיידענע פֿאָרמען פֿון מאַסן אַנטשטייונג, און די באַשרייבונג פֿון די דורך זיי פּסיכישע פֿענאָמענען פֿאָדערן אַ געוויסלעכע באָאָב-אַכטונג און אויספֿירלעכע באַשרייבונג, און זיי האָבן שוין גע-שאַפֿן אַ רייכע ליטעראַטור אין דעם ענין. דער וואָס וועט פֿאַרגלייכן דאָס דאָזיקע קליינע ביכעלע צו דעם פֿאַרנעם פֿון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, וועט באַלד פֿאַרשטיין, אַז דאָ וועלן באַהאַנדלט ווערן נאָר עטלעכע פּונקטן פֿון דעם גאַנצן מאַטעריאַל. און אין אמתן, דאָ וועלן אַנאַליזירט ווערן איינציקע פֿראַגן, צו וועלכע די אויספֿאָרשונג איבער דער טיפֿקייט פֿון פּסיכאָ־אַנאַליז נעמט אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס.

---

1) סטאַדע אינסטינקט.

2) גרופּן־געדאַנק.

## II

# לע באנס שילדערונג פון דער מאסן־נשמה.

אנשטאט דער דעפיניציע פון מאסן-נשמה זעט מיר אויס אלס צוועקמעסיקער אנצוהייבן פון אנווייזונגען אויף אירע דער־שיינונגען און פון זיי ארויסצונעמען אייניקע באזונדערס אויפ־פאלנדיקע און כאראקטעריסטישע פאקטן, ביי וועלכע מ'קען אנ־הייבן די אויספארשונג. מיר וועלן דערגרייכן ביידע זאכן, ברענגענ־דיק ציטאטן פון דעם מיט רעכט באריםט-געווארענעם בוך פון Le Bon: Psychologie der Massen (1

לאמיר זיך נאך איין מאל קלאר מאכן דעם מהות פונם ענין: אויב די פסיכאלאגיע, וואס פארשט אוס די נייגונגען, טרייב-קראפט, מאטיוון, כוונות פון אן איינצעלנעם מענטש ביז צו זיינע האנדלונגען און די באציונגען צו זיינע נאענטסטע, וואלט ענטגילטיק געלייזט איר אויפגאבע און קלאר געמאכט די אלע צוזאמענהאנגען — וואלט זי זיך פלוצלונג געשטעלט פאר א נייער אויפגאבע, וואס וואלט פאר איר געווען נישט לייזבאר. זי וואלט געמוזט דערקלערן דעם איבערראשנדיקן פאקט, וואס

1) פאראן א יידישע איבערזעצונג פון רודאלף אמזלער. ווי־לנע ארויסגאבע 1912.

יער יחיד, וועלכער איז איר געוואָרן פאַרשטענדלעך, פילט, דענקט און האַנדלט ביי אַ באַשטימטן באַדינג גאָר אַנדערש ווי מ׳דאַרף פון אים דערוואַרטן, און דער דאָזיקער באַדינג איז דאָס צו-שטיין צו אַ מענטשן-מאַסע, וואָס האָט באַקומען די אייגנשאַפט פון אַ פסיכאָלאָגישער „מאַסע". וואָס איז, אַלזאָ, „מאַסע", ווי אַזוי באַקומט זי די פעיִקייט אַזוי אַנטשיידן באַאיינפלוסן דאָס גייסטיקע-לעבן פון דעם יחיד, און אין וואָס באַשטייט די פאַרענדערונג, וועלכע זי וואַרפט-אָן דעם יחיד?

צו ענטפערן אויף די דאָזיקע דריי פראַגן, דאָס איז די אויפגאַבע פון דער טעאָרעטישער מאַסן-פסיכאָלאָגיע. מ׳וועט זיי, פאַרשטיינלעך, אַמבעסטן באַגרייפן, ווען מיר וועלן גלייך אָנהייבן פון דער דריטער פראַגע. די באַאָבאַכטונג איבער דער פאַר-ענדערטער רעאַקציע פון דעם יחיד גיט מאַטעריאַל פאַר דער מאַסן-פסיכאָלאָגיע; יעדן פרוב צו דערקלערן עפּעס מוז, פאַר-שטייט זיך, האָבן די באַשרייבונג פון דעם, וואָס דאַרף דער-קלערט ווערן.

איך גיב, אַלזאָ, דאָס וואָרט לע באָנען. ער זאָגט (ז. 13):
„אין דער פסיכאָלאָגישער מאַסע איז אַמ מערקווירדיקסטן אָט וואָס: וואָסערע עס זאָלן נישט זיין די אינדיווידואומען, פון וועלכע די מאַסע באַשטייט, ווי ענלעך אָדער נישט-ענלעך ס׳זאָלן נישט זיין זייער לעבנס-שטייגער, באַשעפטיקונג, כאַראַקטער אָדער אינטע-ליגענץ, דורך זייער בלויזן פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאַסע באַ-קומען זיי אַ קאָלעקטיווע נשמה, אַ דאַנק וועלכער זיי פילן, דענקן, און האַנדלען גאָר אַנדערש, ווי יעדער איינער פון זיי וואָלט געפילט, געדענקט און געהאַנדלט זעלבסשטענדיק. ס׳זענען פאַראַן אידייען און געפילן, וואָס באַווייזן זיך אָדער פאַרוואַנדלען זיך אין טאַטן נאָר ביי אינדיווידואומען, וואָס בילדן די מאַסע. די פסיכאָלאָגיע ביי דער מאַסע איז אַ פּראָוויזאָריש וועזן, וואָס אַנט-שטייט פון העטעראָגענע 1) עלעמענטן, וואָס האָבן זיך פאַרבונדן

---

1) פאַרשידנמיניקע.

אויף אַ ווײַלע, פּונקט ווי די צעלן פונעם אָרגאַניזם בילדן דורך פאַרייניקונג אַ נײַ וועזן מיט גאָר אַנדערע אייגנשאַפטן, וואָס שיידן זיך אונטער פון יעדער איינצעלנער צעלע."

נעמענדיק זיך די פרײַהייט איבערצודריקן לעבאָנס באַשרײַבונג מיט אונזערע גלאָסאַר, וועלן מיר דאָ באַמערקן: אויב די אינדיווידואומען אין דער מאַסע זענען פאַרבונדן אין איין גאַנצעס, דאַן מוז עפּעס זײַן אַזעלכעס, וואָס בינדט זיי, און דאָס דאָזיקע פאַרבינדונגס-מיטל קען גראָד זײַן דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מאַסע. לעבאָן גופא פאַרענטפערט נישט די דאָזיקע פראַגע, ער פאַרנעמט זיך מיט די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר בײַ דעם אינדיווידואום אין דער מאַסע, און ער באַשרײַבט זי מיט די זעלבע אויסדרוקן, וואָס זענען אין פולן איינקלאַנג מיט די גרונט-מיינונגען פון אונזער פּסיכאָלאָגיע און איר טיפקייט.

(זײַט 14) „ס'איז לײַכט פעסטצושטעלן די מאָס אונטערשידלעכקייט פונעם יחיד, וואָס געהערט צו דער מאַסע, ווי פון דעם איזאָלירטן. ס'איז אָבער נישט אַזוי לײַכט צו אַנטדעקן די סיבות פון דער דאָזיקער פאַרשידנקייט.

כדי מ'זאָל ווי-עס-איז אויסגעפינען די דאָזיקע סיבות, מוז מען זיך קודם-כל דערמאָנען איינע פון די באַהויפּטונגען פון דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע, אַז נישט נאָר אין אָרגאַנישן לעבן, נאָר אויך אין די אינטעלעקטועלע פונקציעס שפּילן די אומבאַוווּסטזיניקע דערשײַנונגען אַן איבערוויגנדיקע ראָל. דאָס באַוווּסטזיניקע גײַסטיקע לעבן איז נאָר אַ גאָר קליינער טייל פון דעם אומבאַוווּסטזיניקן. דער פײַנסטער אַנאַליז, די שאַרפסטע באַאָבאַכטונג דערגרייכט נאָר אַ קליינע צאָל באַוווּסטזיניקע מאָטיוון פון גײַסטיקן לעבן. אונזערע כיונדיקע אַקטן שטאַמען אָפּ פון איין, באַזונדערס דורך ירושה-איינפלוסן געשאַפענעם, אומבאַוווּסטזיניקן סובסטראַט. ער, דער סובסטראַט, אַנטהאַלט די אומצייליקע ירושה-שפּורן פון וועלכע עס קאָנסטיטואירט זיך די ראַסן-נשמה.

חוץ די אָפן-אָנערקענטע מאָטיוון פון אונזערע מעשים זענען, בלי ספק, פאַראַן געהיימע סיבות אין וועלכע מיר זענען

נישט מודה, און חוץ זיי זענען פאַראַן נאָך מער סודותדיקע געבן וועלכע מיר ווייסן לחלוטין נישט. די מערצאָל פון אונזערע אַלטעגלעכע מעשים, איז די ווירקונג פון פאַרבאָרגענע, פאַר אונז פאַרהוילענע מאָטיוון".

אין דער מאַסע, מיינט לע באָן, ווערן פאַרווישט די אינדיווידועלע דערוווערבונגען פון די יחידים, און דערמיט פאַרשווינדט זייער אייגנאַרטקייט. עס טרעט אויף דאָס אומבאַוווסטזיניקע, ראַסנמעסיקע, דאָס העטעראָגענע פאַרזינקט אין דעם האָמאָגענעם 1). מיר וועלן זאָגן, אַז דער פסיכישער צוגעבוי, וואָס האָט זיך ביי דעם יחיד אַזוי פאַרשידנאַרטיק אַנטוויקלט, ווערט אָפגעטראָגן, אָפגעשוואַכט, און ביי אַלע ווערט אַנטפּלעקט אַגלייכאַרטיקער אומבאַוווסטזיניקער פונדאַמענט.

אַזוי ארום וואָלט צושטאַנד געקומען אַ דורכשניטלעכע כאַראַקטעריסטיק פון די מאַסן-יחידים. אָבער לע באָן גופא געפינט אין, אַז זיי ווייזן אויך ארויס נייע אייגנשאַפטן, וועלכע זיי האָבן ביז אהער נישט פאַרמאָגט. און ער זוכט זייער סיבה אין דריי פאַרשידענע מאָמענטן.

(ז. 15) „די ערשטע פון די דאָזיקע סיבות באַשטייט אין דעם, וואָס דער אינדיווידואום אין דער מאַסע באַקומט בלויז אַ דאַנק דער גרויסער חברותא אַ געפיל פון אומבאַזיגבאַרע מאַכט, וואָס דערלויבט אים נאָכצוגעבן אַ זעלכע נייגונגען, וועלכע ער וואָלט אַליין געצוימט אלס יחיד. ער טוט דאָס אַלץ ווייניקער (אין דער מאַסע), ווייל צוליב דער אַנאָנימקייט און אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט — געפיל פון דער מאַסע פאַרשווינדט אינגאַנצן דער פאַ אַנטוואָרטלעכקייט-געפיל פון דעם יחיד, וואָס האַלט אים שטענדיק איין".

פון אונזער שטאַנדפּונקט דאַרפן מיר לייגן ווייניק אַכט אויף דאָס באַווייזן זיך פון נייע אייגנשאַפטן. ס'וועט פאַר אונז גענוג זיין צו זאָגן, אַז דער יחיד אין דער מאַסע געפינט זיך

---

1) איינמיניק.

אין אזעלכע באדינגונגען, וואָס דערלויבן אים אָפּצוּוואַרפן דאָס גרויסשטויסן ווערן פון זיינע אומבאַוווסטזיניקע נייגונגען. די בלומרשט נייע אייגנשאַפטן, וואָס ער ווייזט דאַמאָלט ארויס, זענען טאַקע דערשיינונגען פון דעם אומבאַוווסטזיניקן, אין וועלכן ס'ליגט דאָס גאַנצע שלעכטס פון דער מענטשן-נשמה; ס'איז פאר אונז נישט שווער צו פאַרשטיין דאָס פאַרשווינדן ווערן פון געוויסן אָדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט געפיל ביי אזעלכע פאַקן. מיר האָבן שוין פון לאַנג באַהויפּטן, אז דער קערן פון דעם אזוי גערופענעם געוויסן איז די „סאָציאַלע שרעק" 1)

„די צווייטע סיבה, די אָנשטעקונג, איז גורם דאָס ארויסוואַקסן פון ספּעציעלע סימנים אין דער מאַסע און גלייכצייטיק באַשטימען זייער ריכטונג.

„די אָנשטעקונג איז לייכט צו קאָנסטאַטירן, אבער זי בלייבט אַן אומדערקלערלעכע דערשיינונג, וועלכע מען מוז צורעכענען צו די דערשיינונגען פון היפּנאָטישן אַרט, וועלכע מיר וועלן באַלד אויספאָרשן. אין דער מענגע איז יעדער גפיל, יעדע האַנדלונג אָנשטעקנדיק. און טאַקי אין אזאַ הויכן גראַד, אַז דער אינדיווידואום איז זייער לייכט מקריב זיין פּאַרזענלעכן אינטערעס פאַר דעם כלל-אינטערעס. דאָס איז אַ פּעיקייט, וואָס איז דורכ-

---

1) כ'אָנטשטייט א געוויסער אונטערשייד צווישן לע באָנס אָנשויאונגען און אנדערע דערפאַר, ווייל זיין באַגריף פון דעם אומבאַוווסטזיניקן דעקט זיך נישט איינגאַנצן מיט דעם באַגריף, וואָס איז אנגענומען אין דעם פּסיכאָנאַליז. לע באָנס אומבאַוווסטזיניקע אנטהאַלט קודם-כל די טיפסטע סימנים פון דער ראַסן-נשמה, וואָס קומען איגנטלעך נישט אין באַטראַכט אין דעם אינדיווידועלן פּסיכאָנאַליז. הגם מיר לייקענען נישט אָפּ, אַז דער קערן פונעם איך (דאָס „עס" ווי איך האָב עס שפּעטער אָנגערופן), צו וועמען עס געהערט די „אַרכאַאישע ירושה-דיקייט" פון דער מענטשן-נשמה, איז אומבאַוווסטזיניק, אבער הויך דעם גרענעצן מיר אָפּ דאָס „אומבאַוווסטזיניקע ארויסגעשטויסענע", וועלכעס שטאַמט אָפּ פון איין טייל פון דער דאָזיקער ירושהדיקייט. אט דער באַגריף פון ארויסגעשטויסענעם פעלט ביי לע באָנען.

אויס אין סתירה צו זיין נאַטור. און דער מענטש איז פעיק אויף דעם. נאָר אלס אַ באַשטאַנד-טייל פון דער מאַסע".

שפעטער אביסל וועלן מיר, שטיצנדיק זיך אויף דעם לעצטן זאַץ, באגרינדן אַ וויכטיקע השערה.

„די דריטע, און דערביי זייער וויכטיקסטע סיבה, רופט אַרויס אין די אינדיווידואומען ביי דער מאַסע באַזונדערע אייגנשאַפטן, וועלכע מ׳קען נישט באגעגנען ביי דעם איזאָלירטן יחיד. איך רעד דאָ פון דער סוגעסטיאָנירבארקייט, פון וועלכער די אנשטעקונג, וועגן וועלכער מיר האָבן בּאָר-וואָס גערעדט, איז איבעריקנס, אַ פועל-יוצא

כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע דערשיינונג, וועלן מיר דערמאָנען געוויסע אנטדעקונגען אין דער פיזאָלאָגיע. מיר ווייסן היינט, אַז מיט דער הילף פון פילפאַכיקע פּראָצעדורן קען דער מענטש אַריינקומען אין אזא צושטאנד, אַז ער, פאַרלירנדיק זיין גאַנצע באוווּסטזיניקע פערזענלעכקייט, געהאָרכט אַלע סוגעסטיעס פון יענעם, וועלכער האָט אים בארויבט זיין באַוווּסטזיין, און אז ער טוט אַזעלכע מעשים, וואָס זענען אין דער שאַרפסטער סתירה צו זיין כאראקטער און געוויינהייטן. זאָרגפעלטיקע באָבאַכטונגען ווייזן אָבער אָן, אז אַ יחיד, אָפּזייענדיק א געוויסע צייט צווישן אַ טעטיקער מאַסע, געפינט זיך — אַ דאַנק אויסשטראַמונגען, וואָס גייען פון איר ארויס אדער צוליב אַן אומבאַקאַנטער סיבה — אין אַזאַ אויסטערלישן צושטאַנד, וואָס איז אזוי נאָענט צום דעם צושטאַנט, וואָס באפאַלט דעם היפנאָטיזירטן אונטערן איינפלוס פון דעם היפנאָטיזירער.... די באַוווסטזיניקע פערזענלעכקייט איז פולשטענדיק פארשווינדן, אלע, געפילן און געדאנקן אָריענטירן זיך אין דער ריכטונג פון דעם היפנאָטיזירער.

אזוי אויכעפער איז דער צושטאַנד פון דעם יחיד אין דער פסיכאָלאָגישער מאַסע. ער איז אויך נישט באַוויסטזיניק אין זיינע מאַטן. פונקט ווי ביים היפנאטיזירטן קענען, אין דער זעלבער צייט ווען ס׳פארשווינדן ביי אים געוויסע פעיקייטן, קומען אנדערע אויף זייער ארט אין אַ גראַד פון העכסטע שטארקייט. אונטערן איינפלוס פון סוגעסטיע וועט ער מיט אן עקשנותדיקער נייגונג



BIBLIOTEKA NARODOWA BN

באגיין באשטימטע טאטן. און דער דאָזיקער שטורם איז ביי די
מאסן נאָך עקשנותדיקער ווי ביי דעם היפּנאָטיזירטן, ווייל די
סוגעסטיע, וואָס איז גלייך פאַר אלע אינדיווידואומען, ווערט פאַר-
גרעסערט צוליב דער קעגנזייטיקייט".

די הויפּט סימנים פון דעם יחיד אין דער מאסע זענען
אלזא: דאָס פאַרשווינדן ווערן פון דער באוווּסטזיניקער פּערזענ-
לעכקייט, איבערהערשאפט פון דער אומבאוווּסטזיניקער פּערזענלעכ-
קייט, אריענטירונג פון די געדאנקען און געפילן אין דער זעלבער
ריכטונג דורך סוגעסטיע און אנשטעקונג, טענדענץ צו באַלדיקער
פאַרווירקלעכונג פון די סוגעסטיאָנירטע אידייען. דער אינדיווידו-
אום עקזיסטירט שוין נישט מער פאַר זיך, ער איז געוואָרן
א ווילנלאָזער אויטאָמאט".

איך האָב אויספירלעך געבראכט דעם דאָזיקן ציטאט, כדי
צו באקרעפטיקן דעם געדאנק, אז ל ע ב אָ ן דערקלערט דעם
צושטאַנד פונם יחיד אין דער מאסע אלס א היפּנאָטישן, און נישט
ער פאַרגלייכט אים בלויז. מיר האָבן נישט דאָ קיין כוונה צו
דערווידערן, מיר ווילן נאָר אונטערשטרייכן, אז די ביידע
לעצטע סיבות פון דער פאַרענדערונג ביים יחיד אין דער מאסע,
די אנשטעקונג און די העכערע סוגעסטאָנירבאַרקייט, זענען וואָר-
שיינלעך נישט גלייכאַרטיק. ווען אפילו די אַנשטעקונג זאָל אויך
זיין א דערשיינונג פון סוגעסטיאָניבארקייט. אויך די ווירקונגען פון
ביידע מאָמענטן ווייזן אונז אויס אַלס נישט שאַרף פאַנאַנדערגע-
גרענעצט ביי ל ע ב אָ נ׳ען. מעגלעך, אז מיר וועלן אַמבעסטן אויס-
טייטשן זיין מיינונג, אויב מיר וועלן פאַרבינדן די אַנטשטייונג
אויפן חשבון פון דער ווירקונג, וואָס די איינצעלנע מיטגלידער
איבן איינער אויפן צווייטן. בעת די סוגעסטיאָנירטע דערשיי-
נונגען אין דער מאַסע, וואָס זענען פאַרבינדן מיט דעם היפּנאָ-
טישן באַאיינפלוסטווערן, ווייזן אָן אויף אן אנדערע קוואַל. איך
וועלכע? עס מוז אונז אלס אן עמפינדלעכע נישט-פולקאָמענהייט אַרן
דאָס, וואָס איינער פון די הויפּט-באַשטאַנד-טיילן פון דער דאָזיקער
ווירקונג, נעמלעך די פּערזאָן, וועלכע איז פאַר דער מאסע דער
היפּנאָ-יזירער, איז גאָרנישט דערמאָנט אין ל ע ב אָ נ ס באַשריי-

•זונג. ער אונטערשיידט נאָר פון דעם אײנ־פּונקטל געזע־האַפטענעם פּאַסיווידנדיקן אײנפלוס די אַנטי־עקס־יע ווירקונג, וואָס די אײנ־צעלנע מענטשן איבן אויס איבער איינעם צווייטן, אַ דאַנק וועלכער עס פאַרשטאַרקט זיך די אורשפּרינגלעכע סובעקטיוויטע.

נאָך איין וויכטיקער מאָמענט געפינט זיך בײַ ל ע ב אָ נ צ ן כדי צו האַלטן וועגן מאַסן־יחיד: (ז. 17)

> כסדר גייט דער מענטש אַראָפּ אַלץ נידעריקער
> און נידעריקער אויף די שטאַפּלען פון דער ציוויליזאַציע־לייטער און דאָס אַלץ אַ דאַנק דער בלויזער
> צוגעהעריקייט צו אַן אָרגאַניזירטער מאַסע".

אין זײַן איזאָלירטקייט איז ער, קען זײַן, געווען געבילדעטער יחיד, אין דער מאַסע אָבער איז ער אַ באַרבאַר, ד.ה. אַן אינסטינקטיוו וועזן. ער פאַרמאָגט די ספּאָנטאַנישקייט, די העפטיקייט, די ווילדקייט און אויך דעם ענטוזיאַזם און הערא־איזם פון פרימיטיווע וועזנס".

באַזונדערס שטעלט זיך ל ע ב אָ ן אָפּ אויף דעם נידעריקן ניוואָ פון דער אינטעלעקטועלער לייסטונג, „מאָס דער יחיד לײַדט אַ דאַנק זײַן צוגעהעריקייט צו דער מאַסע". 1)

לאָזן מיר איבער דעם אײַנצעלנעם און לאָמיר איבערגיין צו דער באַשרײַבונג פון דער מאַסן־נשמה, ווי ל ע ב אָ ן שילדערט זי: אין דער הינזיכט איז נישט פאַראַן קיין איין שטריך, וועמעס אָפּשטאַמונג ס'זאָל פאַרשטעלן מיט זיך עפּעס אַ שווערקייט פאַרן

---

1) פאַרגלײַך שילערס צוויי פערזן:

Jeder, sieht man ihm einzeln, ist leidlich klug und verständig.

Sind sie in corpore, gleich wird euch ein Dumkopf heraus.

פּסיכאָנאַליטיקער. לע באָן גופא ווייזט אונז דעם וועג, אָנווייזנ-
דיק אויף דעם איינקלאַנג צווישן דעם נשמה-לעבן פון די פּרי-
מיטיווע מענטשן און קינדער.

(ז. 19) די מאַסע איז אימפּולסיוו: פאַרענדערלעך און רייצבאַר. זי
לאָזט זיך אויסשליסלעך פירן פון דעם אומבאַוווסטזיניקן 1) די
אימפּולסן, וועלכע די מאַסע האָרכט, קענען, לויט די אומשטענדן,
זיין איידל אָדער גרויזאַם, העראָישע אָדער פּחדנותדיקע, יעדנפאַלס
אָבער זענען זיי באַפעלעריש, אַזוי אַז עס קומט נישט צום אויס-
דרוק נישט דאָס פּערזענלעכע און נישט אפילו דער אינטערעס
פון זעלבסט-דערהאַלטונג. קיין שום זאַך איז ביי דער מאַסע
פאָרויס נישט באַרעכנט. ווען זי וויל עפּעס לײדנשאַפטלעך, געדויערט עס אָבער נישט לאַנג. זי איז נישט פעיק אויף אַ דויער-
האַפטיקן ווילן, זי ליידט נישט קיין נדחה צווישן אירע באַגערן
און זייער פאַרווירקלעכונג. זי האָט דאָס געפיל פון אַלמעכטיקייט;
פאַר דעם אינדיווידואום אין דער מאַסע פאַרשווינדט דער באַגריף
פון אוממעגלעכן".2)

די מאַסע איז אויסערגעווײנלעך באַאיינפלוסבאַר און לייכט-
גלויביק, זי איז קריטיקלאָז, דאָס אומוואַרשיינלעכע עקזיסטירט נישט
פאַר איר. זי דענקט אין בילדער, וואָס זי רופט אַרויס אין אַסאָ-
ציאַציע, פּונקט ווי ביי דעם יחיד אין אַ צושטאַנד פון פריי-
פאַנטאַזיע, און וועלכע קענען נישט געמאַכט ווערן דורך קיין
שום פאַרנונפטיקער אינסטאַנץ אין אַנאַלאָגיע מיט דער ווירקלעכ-
קייט. די געפילן פון דער מאַסע זענען שטענדיק זייער פשוטע און

1) דאָס אומבאַוווסטזיניקע ווערט ריכטיק געבריכט דורך לע
באָנען אין זין פון דער באַשרייבונג, דאָרט ווי עס באַטייט נישט בלויז
„אַרויסגעשטויסענע".

2) פאַרגלייך מיין ווערק „טאָטעם און טאַבו". III. אַנימיזמוס,
מאַגיע און אַלמעכטיקייט פון די געדאַנקען.

איבערגעטראגן. די מאַסע ווייסט נישט פון קיין צווייפל און נישט-זיכערקייט. 1)

זי גייט באַלד איבער צום דירעקטן, דער אויסגעשפראכע-נער חשד פאַרוואנדלט זיך ביי איר אין אן אומבאַדינגטע זיכערקייט, אַ זאמען פון אנטיפאַטיע ווערט ביי איר ווילדער האַס. (ז. 32) 2)

---

1) אין דער אויסטייטשונג פון חלומות, וועלכע מיר האבן צו פאַר-דאנקן אונזערע בעסטע ידיעות פונם אומבאוואוסטזיניקן נשמה-לעבן, גייען מיר נאך דעם טעכנישן כלל, לויט וועלכן מיר לייגן נישט קיין אכט אויף דעם צווייפל און נישט זיכערקייט אין דער דערציילונג וועגן חלום, און יעדער עלע-מענט פון דעם באַשיינפּערלעכן חלום ווערט גלייך באַהאנדלט אלס גלויבלעך. דעם צווייפל און נישט זיכערקייט באַרעכענען מיר אויפן חשבון פון דער צענ-זור, אונטער וועלכער ס'ליגט אונטער די וועבונג פונם חלום און נעמען אן, אז די אורשפרינגלעכע חלומות-געדאנקען ווייסן נישט פון צווייפל און נישט זיכער-קייט, ווי ס'איז אין פאַל מיט א קריטישער ארבעט.

2) אלס איבהאלט קענען זיי, פאַרשטענדלעך, ווי אלע אנדערע, פאַרקומען אין די טאגערשטלעך, וואס פירן צו די חלומות. (זע 1919 ,"Traumdeutung". Aufl. 5· די זעלבע העכערונג פון אלע געפילס-ביוועגונגען צום עקסטרעמס און מאָסלאזן איז אויך כאראקטעריסטיש פאַר דער אַפעקטיוויטעט פון א קינד זי חזרט זיך איבער אין חלום-לעבן, ווי א דאנק דער אויסשליסנדיקער און אומבאַ-גרענעצט-דינאַמישער איזאָלירונג פון איינצעלנע געפילס-ביוועגונגען קומט צום אויסדרוק א ווייכער פאַרדראס פון בייטאג און א ווינטש צום טויט פאַר דער שולדיקער פּערזאָן, אדער אין א רמז אויף עמעס א פרווו, וואס פאַרוואַנדלט אין א טיבר פון א פאַרברעכערישער טאַט. וואס ווערט פאַרגעסטעלט אין חלום. צו דעם ריכטיקן פאַקט האט ד״ר האַנס זאַקס געמאַכט אן אינטערעסאַנטע באַמער-קונג: דאס וואס דער חלום האט אונז נודיע בעוויזן וועגן אונזער קעגנווערטיקע באַציאונגען ביז דער א ווירקלעכקייט, ווילן מיר אויך זוכן אינם באַ-וואוסטזיין, און מיר ג... דאס אומגעהויער, גוואַלטיקע, וואס מיר האבן געזען אינטערן פאַרגרעסער-גלאז פון אנאַליז, אין דער פאָרם פון אינפוזאָריען (Traumdeutung ...)

נעפייגט צו אלע עקסטרעמקייטן, ווערט די מאסע אויפגע·
רעגט נאר דורך אויסערגעוויינלעכע רייצמיטלען, ווער עס וויל
אויף איר ווירקן, באדארף נישט קיין לאָגישע אפשאצונג פון
דיינע אַרגומענטן, ער מוז מאלן אין די שטאַרקסטע פארבן,
איבערטרייבן און איבערחזרן אייגס און דאס זעלבע.

אזוי ווי די מאסע איז נישט מסופק וואָס שייך דעם אמתן
און פאלשן, און דערביי האָט זי דאס באַוווּסטזיין פון איר גרוי·
סער קראַפט, איז זי פונקט אזוי נישט טאָלעראנט ווי נישט אוי·
טאָריטעטיש. זי רעספעקטירט די קראַפט און לאָזט זיך קנאַפ
באַאײנפלוסן פון דער גוטסקייט, וואָס איז פאר איר בלויז אמין שוואַכ·
קייט. פון אירע העלדן פארלאנגט זי שטאַרקייט, געוואַלטאַטן. זי
וויל זיין באהערשט און אונטערדריקט, און האָט מורא פאר איר
באַלעבאָס. אין גרונט גענומען איז זי דורכאויס קאָנסערוואטיוו,
זי פילט א טיפע פאראַכטונג צו אַלע נייאיקייטן און פּאָר·
שריטן און האָט אַן אומבאַגרעניצטן יראת-הכבוד פאר דער טראַ·
דיציע (ז. 37).

כדי ריכטיק צו אורטיילן וועגן דער זיטלעכקייט פון די
מאַסן, מוז מען נעמען אין באַטראַכט, אז אין דעם צוזאמענ·
לעבן פון די מאסן-אינדיווידואומען פאלן אוועק אלע אינדיווידו·
עלע שטערונגען, און אלע גרויזאַמע, ברוטאַלע, דעסטרוקטיווע
אינסטינקטן, וואָס שלומערן אין דעם יחיד אלס איבערבלייב פון
דער אורצייט, ווערן געוועקט צו א פרייער באַפרידיקונג פון א:ע
נייגונגען. די מאַסן זענען אבער אויך פעיק, אונטערן איינפלוס
פון סוגעסטיע, אויף הויכע לייסטונגען פון אָפזאָגן זיך, אויף אום·
אייגנוציקייט און אָפגעבן זיך פאר אן אידעאַל. בעת די פער·
זענלעכע באקוועמלעכקייט איז ביים איזאלירטן יחיד די איינציקע
טרייבקראַפט, איז זי ביי די מאסן זעלטן אַרויסצוּוועןּ. מען קען
רעדן וועגן אפאַרזיטלעכונג פונם יחיד דורך דער מאסע (ז. 39).
בעת די אינטעלעקטועלע לייסטונג פון דער מאַסע שטייט שטענ·
דיק נידריקער פאר דער לייסטונג פונם יחיד, קען איר עטישע
אויפפירונג אדער שטיין העכער, אָדער טיף אראָפפאַלן.

אנדערע שטריכן פון לע-באָנס כאראַקטעריסטיק ווארפן

איבערגעלעבטן ; א צוזאמענגעזאמלטע שולד־באוואוסטזיין שפיגלט זיך אויף דעם פאקט פון א בייזער כוונה. וואס איז קיינמאל נישט פארווירקלעכט געווארן, פונקט ווי אין חלום און אין היפנאז, אזוי אויך אין דער נשמה־טעטיקייט פון דער מאסע טרעט אפ דער פרינציפ פון רעאליטעט פאר דער שטארקייט פון די אפעקטיוו באזעסענע ווינטשן.

דאס, וואס לע באָן זאגט וועגן די פירער פון דער מאסע, איז ווייניקער אויסשעפנדיק און ס'לאזט , נישט אנטאפן אזוי דייטלעך דאס רעגלמעסיקע. ער מיינט, אז ווי נאר לעבעדיקע וועזנס פון א געוויסער צאל פארייניקן זיך, נישט קיין נפקא־מינה צי א סטאדע בהמות אדער א מענטשן־מאסע, אזוי שטעלן זיי זיך אינסטינקטיוו אונטער דער אויטאָ־ריטעט פון איין הויפט־אנפירער (ז. 36). די מאסע איז א גע־האָרכזאמע סטאדע, וואס קען קיינמאל נישט לעבן אן א באלע־באָס. זי האט אזא דורשט צום האָרכן, אז זי וואַרפט זיך אונ־טער יעדן איינעם, וואס מאכט זיך פאר איר מושל.

אויב די מאסע פילט זיך א נויטפערטיקייט אין א פירער, מוז דער פירער באזיצן אנטשפרעכנדיקע פערזענלעכע אייגנשאפטן. ער אליין מוז שטארק גלייבן (אין אן אידעע), כדי צו דערוועקן דעם גלויבן ביי די מאסן. ער מוז האבן א שטארקן, אימפאָ־נירנדיקן ווילן, וועלכן די ווילנלאזע מאסע נעמט איבער פון אים. לע באָן רעדט דאן ארום די פארשידענע מינים פירער און די מיטלען, מיט וועלכע זיי ווירקן אויף דער מאסע. אין גאנצן האלט ער, אז די פירער באקומען א באטייט א דאנק די אידייען, פאר וועלכע זיי האבן פאנאטיזירט.

די דאזיקע אידייען, ווי אויך די פירער, שרייבט ער צו דעם געהיימניספולן, אומבאזיגבארן כח, וועלכן ער רופט אן „פרעסטיזש". דער פרעסטיזש איז א מין הערשאפט, וואס אן אינדיווידואום, א ווערק אדער אן אידעע אבט אויס אויף אונז. ער שוואכט אפ אלע אונזערע פעיקייטן צו קריטיק און פילט אונז אן מיט באוואונדערונג און אכטונג. ער דערוועקט [illegible]

רופן, אַ געפיל וואָס איז ענלעך צו דער היפּנאָטישער פאַר-
בלענדונג.

לעבאָן שיידט אונטער צווישן דערוואָרבענעם אדער קינסטלעכן און פּערזענלעכן פּרעסטיזש. דער ערשטער באַקומט זיך דורך אַ שם, רייכטום, אָנזען: ביי קינסטלערישע און ליטע-ראַרישע ווערק ווערט ער געשאַפן דורך טראַדיציע. אזוי ווי אין אלע פאַלן האָט ער זיין שורש אינם עבר, דעריבער גיט ער ווייניק כדי צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן רעטענישהאַפטן איינ-פלוס. דעם פּערזענלעכן פּרעסטיזש פאַרמאָגן זער ווייניק פּער-זאָנען, וואָס ווערן דורך דעם זעלבן די פירער, און וואָס דאָס איז גורם, אז אלע וואַרפן זיך אים אונטער, ווי אונטער דער ווירקונג פון א מאַגנעטישן צויבער. פונדעסטוועגן איז יעדער פּרעסטיזש אויך אָפּהענגיק פונם דערפאָלג, און ער ווערט פאַר-לוירן צוליב אומדערפאָלג.

מיר באַקומען אָבער נישט דעם איינדרוק, אַז די ראָל פון די פירער און דאָס אונטערשטרייכן פונם פּרעסטיזש זאָל ביי לעבאָנען זיך געפינען אין ריכטיקן איינקלאַנג מיט דער אזוי גלענצנדיקער שילדערונג פון דער מאַס.-נשמה.

## III

## אנדערע [illegible] פונעם קאלעקטיוון נשמה־לעבן.

מיר האבן זיך באנוצט מיט לע באנס דערקלערונג אלס אריינפיר, ווייל זי גייט זיך ווייטער צענגיך אין דער אונטער־שטרייכונג פון דעם [illegible] נשמה־לעבן מיט אונזער אייגענער פסיכאלאגיע. מיר מוזן אבער צוגעבן, אז אייגנטלעך ברענגט קיין איינע פון דעם דאזיקן מחברס באווייזונגען נישט אריין קיין שום נייעס, דאס באליידיקטע און דערנידע־ריקטע, וואס ער האט געזאגט וועגן דער מאסן־נשמה, איז שוין פאר אים פונקט אזוי באשטימט און אזוי פיינטלעך געזאגט גע־ווארן און וועט זיין די עלטסטע צייטן איבערגעחזרט אין די ליטעראטורן דורך דענקער, מלוכה־מענער און דיכטער 1)

די צווייטע זאכן, וועלכע אנטהאלטן לע באנס וויכטיקסטע אנווייזונגען: די קאלעקטיווע שטערונג פון אינטעלעקטועלע לייסטונגען און די הערכערונג פון דער אפעקטיוויטעט אין דער מאסע, זענען אביסל פריער פארמולירט געווארן דורך

---

1) פארגלייך דעם טעקסט און ליטעראטור־צעטל אין דער Psichologie der kollektiivtäten von B Krakówski, jun. Aus dem Kroatishen ubersetzt von Sigmund von Posavec ,Yiecovar 1915

[1] Sighell, אין גרונט בלייבן אייגנטימלעך נאָר לע באָנס ביידע
אָנשויונגען וועגן דעם אומבאַוווּסטזיניקן און דער פערגלייך מיט
דעם נשמה-לעבן פון די פּרימיטיווע מענטשן; אָבער אויך זיי
זענען, נאַטירלעך, אָפט באַרירט געוואָרן פאַר אים.

און נאָך מער: די באַשרייבונג און אָפּשאַצונג פון דער
מאַסן-נשמה, ווי לע באָן און די אַנדערע שילדערן זי, איז אויך
בשום אופן נישט געבליבן נישט אָנגעגריפן. ס'איז קיין ספק
נישט, אַז די אַלע פריער באַשריבענע דערשיינונגען פון דער
מאַסן-נשמה, זענען ריכטיק באַאָבאַכטעט געוואָרן. אָבער עס לאָזן
זיך אויך באַמערקן די דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך-ווירקנדיקע דער-
שיינונגען פון דער מאַסע-אָנטשטייונג, לויט וועלכע מ'קען געבן
צו העכערע אָפּשאַצונג פון דער מאַסן-נשמה.

אויך לע באָן איז געווען גרייט מודה צו זיין, אַז די
זיטלעכקייט פון דער מאַסע קען ביי געוויסע אומשטענדן זיין
העכער ווי די איזאָלירטע יחידים, און אַז נאָר דער קאָלעקטיוו
איז פעיק אויף אַ גרויסע אומאייגננוציקייט און זעלבסט-אָפּפערונג,
(ז. 38), „בעת דער פערזענלעכער נוצן איז ביי דעם
איזאָלירטן יחיד כמעט די איינציקע טרייב-קראַפט, קומט ער
ביי די מאַסן זייער זעלטן צום אויסדרוק".

אַנדערע האַלטן, אַז איבערהויפּט איז עס די געזעלשאַפט,
וואָס שטעלט אויף פאַר דעם איינצעלנעם די נאָרמען פון זיט-
לעכקייט, בעת דער יחיד בלייבט געוויינלעך אין וואַסער-פּס-
איז היגנזיכט הינטערשטעליק פון די דאָזיקע פאָדערונגען. אַדער,
אַז אין אויסנאַם-צושטאַנדן איז אינם קאָלעקטיוו די דערשיינונג
פון באַגייסטערונג, דאָס וואָס מאַכט מעגלעך די שענסטע מעשים
פון דער מאַסע.

וואָס שייך דער אינטעלעקטועלער לייסטונג איז עס אמת,
אַז די גרויסע לייזונגען פון דער דענקונגס-אַרבעט, די אַנט-
דעקונגען, וואָס האָבן גורם געווען וויכטיקע פאַלן, און די

---

1) Walter Moede: Die Massen und Social-psychologie 'm kritischen überblick. Zeitschrift für pädagogische psicho-'ogie und experimentelle pädagogik von Neuman and Schiber. VII, 1915.

איר לייזונג איינעם מאָמענט פון אָרגאַניזאַציע. און גענעראַליזירנדיק
פאַלן, זאָגט ער, האָט די מאַסע (group) בכלל קיין שום אָר-
גאַניזאַציע נישט, אָבער זי איז אַזאַ, וואָס פאַרדינט נישט דעם
נאָמען. אַזאַ מאַסע באַצייכנט ער אַלס המון (crowd). דאָך איז
ער מודה, אַז אַ המון מענטשן קאָן זיך נישט לייכט צעטיילן
אָן דעם, אַז ס'זאָל זיך אין אים ווייניקסטנס נישט בילדן די
ערשטע התחלה פון אַן אָרגאַניזאַציע. און צו גראָד אויף די
דאָזיקע איינפאַכע מאָמענטן קען מען לייכט דערקענען מאַנכע
גרונט-פאַקטן פון דער קאָלעקטיוו-פסיכאָלאָגיע (ז. 22). כדי עס
זאָל זיך פון דעם מענטשן-המון פאָרמירן עפּעס ענלעכעס צו
אַ מאַסע אין פסיכאָלאָגישן זין, פאָדערט זיך דער תנאי, אַז
די יחידים זאָלן האָבן מיט זיך עפּעס געמיינזאַמעס, אַ געמיינ-
זאַמען אינטערעס אין אַ זאַך, אַ גלייכאַרטיק געפיל צו אַ גע-
וויסער סיטואַציע און (איך וואָלט געזאָגט: צוליב דעם) אַ גע-
וויסע מאָס פון פעיקייט זיך איינער דעם אַנדערן צו באַ-
איינפלוסן. (Some degree of reciprocal influence between the
members of the group) (s. 25) וואָס שטאַרקער ס'זענען די דאָ-
זיקע געמיינזאַמקייטן (this mental homogenity) אַלץ לייכטער
פאָרמירט זיך פון דעם איינצלנעם אַ פסיכאָלאָגישע מאַסע
און אַלץ אויפפאַלנדיקער באַווייזן זיך די דעמאָנסטראַציעס פון
אַ „מאַסן נשמה".

דער מערקווירדיקסטער און צוגלייך וויכטיקסטער פענאָ-
מען פון דער מאַסן-פאָרמירונג איז יענע, ביי יעדן אינדיווידו-
אום, אַרויסגערופענע העכערונג פון דער אַפעקטיוויטעט (exal-
tation or intensification of emotion). (ז. 24). מען מעג זאָגן,
מיינט Mc Dougall, אַז אין אַנדערע באַדינגונגען קענען די אַפעקטן
ביי די מענטשן קוים אויפוואַקסן צו אַזעלכע הייכקייטן, ווי
דאָס, אַ שטייגער, געשעט אין דער מאַסע. און עס איז דאָך אַ שטאַרק
אָנגענעמער געפיל פאַר די באַטייליקטע אַזוי פריי זיך אָפּצו-
געבן צו די ליידנשאַפטן און דערביי צו פאַרלירן די אינדי-
ווידועלע אָפּגעגרענעצטקייט, אויפמישנדיק זיך מיט דער מאַסע.
דאָס דאָזיקע מיטגעריסן ווערן פון די איינצלנע, ווערט דורך

Mc Dougell דערקלערט דורך דעם פון אים אָנגערופענעם principle of direct induction of emotion by way of the primitive sympathetic response s. 25 ד. ה. דורך די שוין אונדז באַקאַנטע געפיל-אָנשטעקונג. אַ פאַקט איז, אַז די באַמערקטע סימנים פון אַן אַפעקטיוון צושטאַנד זענען פעיק אַרויסצורופן ביי דעם באַטראַכטנדיקן דעם זעלבן אַפעקט. דער דאָזיקער אויטאָמאַטישער צוואַנג ווערט אַלץ שטאַרקער, ווען דער זעלבער אַפעקט באַמערקט זיך גלייכצייטיק ביי וואָס מער פּערזאָנען. דאָ שווייגט די קריטיק פונם יחיד און לאָזט זיך פירן פון דעמזעלבן אַפעקט, דערביי אָבער העכערט ער די אויפרעגונג פון אַנדערע אינדיווידואומען, וואָס האָבן געווירקט אויף אים, און אַזוי אַרום ווערט געהעכערט די אַפעקט-אָנלאָדונג פון דעם יחיד דורך קעגנזייטיקער אינדוקציע. מען מוז מודה זיין, אַז דאָ ווירקט עפּעס אַזעלכעס, ווי אַ צוואַנג, וואָס נייט נאָכצוטון די אַנדערע, כּדי צו בלייבן אין איינקלאַנג מיט דעם רבים. די מגושמדיקע און פּשוטע געפילן באַקומען גרעסערע שאַנסן זיך אַזוי אַרום צו פאַרברייטערן אין דער מאַסע. (ז. 39).

דער דאָזיקער מעכאַניזם פון אַפעקט-העכערונג ווערט נאָך באַגינסטיקט דורך עטלעכע איינפלוסן, וואָס קומען פון די מאַסע. די מאַסע מאַכט אויפן יחיד אַן איינדרוק פון אַ מאַכט אַן אומבאַגרענעצטע און א געפאַר אַן אומבאַזיגבאַרער; אויף אַ וויילע שטעלט זי זיך אויפן אָרט פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וועלכע איז די טרעגערין פון אויטאָריטעט, פאַר וועמעס שטראָף מען האָט מורא, צוליב וועמען מען לייגט אויף זיך אַרויף אַזוי פיל אסורים. עס איז באַשייניפּערלעך געפערלעך צו זיין אין אַ סתירה מיט איר, און מ׳מיינט, אַז מ׳איז זיכערער ווען מען טוט נאָך דעם ביישפּיל פון די אַרומיקע, אַלזאָ עווענטועל אפילו „מיט די וועלף צו וואָיען". האָרכנדיק דעם נייעם אויטאָריטעט, דאַרף מען דאָס פריערדיקע „געוויסן" אויסשליסן פון דער טעטיקייט און זיך איבערגעבן דעם חשק פון באַקומען פאַרגעניגן, וואָס ווערט מיט זיכערקייט דער-

נוטיצט דורך דאָס פאַרשווינדן ווערן פון די פּעקולירע פאָרמען,
דערווײַטער איז בכלל נישט אַזוי אויסערליך ווען מיר זאָגן, אַז
דער ייִד איז דער מאַסע טוט אַזעלכע זאַכן, אָדער ער רעפּרעזענ-
טירט זיי, פּאַסיוועלעכע ער קערט זיך אָפּ בעת זייער בעווייזלעכע
לעבנס-באַדינגונגען, און מען קען אפילו הזמן, אַז אַזוי וואָלט מיר
פאַרשפּרייטן אַביסל ליכט איבער דעם טעמפּעל געביט, ווען
מען פאַרדעקט שטענדיק מיט דעם רעטנישפֿולן ווערטער-...
אויך Mc Dougall איז נישט דערווײַטער דער מיינונג
וועגן דער קאָלעקטיווער העמונג פון דער אינטעליגענטער
טעטיקייט און דער מאַסע (ז. 41). ער זאָגט, אַז דער מינ-
דערווערטער אינטעלעקט שלעפּט אַראָפּ צו זיך דעם גרעסערן. די
לעצטע ווערן געשטערט אין זייער טעטיקייט, ווייל די העכע-
רונג פון דער אַפֿעקטיווקייט שאַפֿט בכלל אומגינסטיקע באַ-
דינגונגען פאַר אַ ריכטיקער גײַסטיקער אַרבעט; ווייטער, ווייל
די יחידים ווערן אָנגעשראָקן דורך דער מאַסע, זייער דענק-
אַרבעט איז שוין נישט פרײַ, און ווייל בײַ יעדן פון זיי
האָט זיך פאַרקלענערט דער באַוווּסטזיין פון פאַראַנטוואָרט-
לעכקייט פאַר זײַן לייסטונג. דער אַלגעמיינער אורטייל
וועגן דער פּסיכישער לייסטונג פון אַ פּשוטער „נישט
אָרגאַניזירטער" מאַסע הערט זיך בײַ Mc Dougall נישט
פרײַנדלעכער ווי בײַ לע באָן. אַזאַ מאַסע איז (ז. 45):
דערמאַנס אויפֿרעגנדיק, אימפּולסיוו, ליידנשאַפֿטלעך, שוואַנקנדיק,
נישט-קאָנסעקווענט, נישט-אַנטשלאָסן און דערבײַ געניגט צום
עקסטרעמען אין אירע האַנדלונגען; זי איז צוגענגלעך נאָר פאַר
די מגושמדיקע ליידנשאַפֿטן און פּשוטסטע געפילן; זי איז אויסער-
געווײַנלעך סוגעסטיאָנירבאַר, לײַכטזיניק אין אירע אורטיילן,
הפֿקרדיק אין אירע מיינונגען, אומבאַהאַפֿטיק נאָר פאַר די איינ-
פאַכסטע אויספֿירן און אַרגומענטן, לײַכט צו ווערן געפֿירט
און צו דערשיטערן א זעלבסט-באַוווּסטזיין, זעלבסטאַכטונג
און פאַראַנטוואָרטלעכקייט-געפיל, אָבער גרייט דורך איר קראַפט-
באַוווּסטזיין זיך צו לאָזן מיטרײַסן צו אַלע שלעכטע מעשים.
וואָס מיר קענען נאָר דערוואַרטן פון אַן צוגעשלאָגענע" און אומ-

פאַראַנטוואָרטלעכער מהכּט, זי פירט זיך גיכער אויף ווי אַ נישט-דערצויגן קינד, אָדער ווי אַ לייכטגעמוטלעכער ווילדער מענטש וואָס איז געבליבן אָן השגחה אין אַ פרעמדער פאַר אים סיטואַציע; אין ערגסטן פאַל איז איר אויפפירונג גיכער ענלעך צו דער אויפפירונג פון אַ סטאַדע ווילדע חיות, איידער פון מענטשלעכע וועזנס.

אַזוי ווי Mc Dougall ברענגט אַלס קאָנטראַסט צו דעם אויבנגעשילדערטן דאָס אויפפירן זיך פון הויך-אָרגאַניזירטע מאַסן, וועלן מיר באַזונדערס זיין געשפּאַנט געוואויער צו ווערן אין וואָס עס באַשטייט דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע און דורך וועלכע מאָמענטן זי ווערט געשאַפן. דער מחבר רעכנט אויס פינף פון די דאָזיקע „principal conditions“ 1) „כּדי צו דער-הייבן דאָס נשמה-לעבן פון דער מאַסע אויף אַ העכערן ניווא“.

דער ערשטער גרונט-תּנאַי איז אַ געוויסע מאָס פון באַש-טענדיקייט אינעם מעמד פון דער מאַסע. די דאָזיקע באַשטענ-דיקייט קען זיין אַמאַטעריעלע, אָדער פאָרמעלע; די ערשטע ווען די זעלבע פּערזאָנען פאַרבלייבן אַלענגערע צייט אין דער מאַסע, די אַנדערע, ווען אין דער מאַסע זענען פאַראַן באַשטימ-טע ראָלן, וואָס ווערן פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די פאַ-רשידענע פּערזאָנען אין איר.

דער צווייטער תּנאַי איז, אַז אינעם יחיד ביי דער מאַסע זאָל זיך פאָרמירן אַ באַשטימטע פאָרשטעלונג פון די נאַטור פונק-ציעס און פון דער מאַסעס לייסטונגען און פאָדערונגען, כּדי ס׳זאָל זיך פון דעם שאַפן אַ פאַרהעלטניש-געפיל צו דער מאַסע אַלס גאַנצעס.

דער דריטער תּנאַי איז, אַז די מאַסע קומט אין באַציונ-גען מיט אַנדערע, איר ענלעכע מאַסעס, וואָס שיידן זיך דאָך אָבער אין אַ סך פּונקטן, אַזוי אַז זי מוז עטוואָס ריוואַליזירן מיט זיי.

1) הויפּט-תּנאָים

דער פערטער תּנאי איז, אז די מאסע פארמאגט טראַדיציעס, געוווינהייטן און איינריכטונגען, באזונדערס אזעלכע, וואָס זענען נוגע דער באציונג פון אירע מיטגלידער איינער צום צווייטן.

דער פינפטער תּנאי, אז אין דער מאסע איז פאראן א צעגלידערונג, וואס דריקט זיך אויס אין דער ספעציאליזירונג און דיפערענצירונג פון די לייסטונגען, וואס קומען אויס אויף יעדן איינצעלנעם מענטש.

אדאנק אָט דער דערפילונג פון די דאָזיקע באַדינגונגען, ווערן לויט Mc Dougall אָפּגעשוואַכט די פסיכישע דעפעקטן פון דער מאסע. קעגן דעם קאָלעקטיווס אָראָפּפאַל פון דער אינטעלעקטועלער ארבעט פארהיט מען זיך מיט דעם, וואס מען נעמט אוועק פון דער מאסע די לייזונג פון די אינטעלעקטועלע אויפגאַבן און מען גיט זיי איבער דעם יחיד.

עס דאכט זיך אונז, אז מען קען מיט א גרויסער רעכט אנדערש באַשרייבן די באַדינגונגען, וואס Mc Dougall באַצייכנט פאַר דער „אָרגאַניזירטער" מאסע. די אויפגאַבע באַשטייט אין דעם, וואָס מען דאַרף דער מאַסע פאַרשאַפן טאַקע יענע אייגנשאַפטן, וואָס זענען געווען כאראַקטעריסטיש פאר דעם אינדיווידואום און וואָס זענען ביי אים דורך דער מאסן-פאַרטירונג פארלוירן געגאַנגען, ווייל דער יחיד האט געהאט — מחוץ דער פרימיטיווער מאַסע — זיין באַשטענדיקייט, זיין זעלבסט-באַוווּסטזיין, זיינע טראַדיצירס און געוווינהייטן, זיין באזונדערע ארבעטס-לייסטונג און לעבנס-ליניע און האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אנדערע, מיט וועלכע ער האט ריוואליזירט. די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט זיינע האָט ער דורכן אריינטריט אין דער נישט „ארגאַניזירטער" מאסע פארלוירן אויף אַ געוויסער צייט. אויב מען אָנערקענט אלס ציל צו באַזעגקן די מאַסע מיט די אטריבוטן פונם יחיד, דאַן דאַרף מען דערמאָנען ווו. טראָטטערס טרעפלעכע באַמערקונג, וועלכער זעט אין דער נייגונג צו שאַפן

א מאַסע די ביאָלאָגישע פּאָרזעצונג פון דער פילצעליקייט פון
אַלע העכע־ע אָרגאַניזמען. 1) איך קען נישט, להיפּך צו דער
זייער פאַרשטענדלעכער און שאַרפזיניקער קריטיק פון Hans
Kelsen, (Imago, VIII/2, 1922), נישט צו געבן, אז אזא באַצירונג
פון דער „מאַסן-נשמה" באַטייט איר היפּאָסטאַזירונג ד. ה. אָנער-
קענען די אומאָפּהענגיקייט פון די נשמה-טאַטן אין דעם יחיד

IV

## סוגעסטיע און ליבידא.

מיר זעען ארויסגעגאנגען פון דעם הויפט-פאקט, אז אין דעם יחיד ביי דער מאסע קומט פאר, צוליב איר איינפלוס, א טיפע ענדערונג פון זיין נשמה-סטעיקייט. זיין אפעקטיוויטעט ווערט אויסערגעוויינלעך געהעכערט און זיין אינטעלעקטועלע ווירקונג ווערט גאנץ אנגעזעענדיק באגרענעצט; די ביידע פראצעסן גייען באשטימטערלעך אין דער ריכטונג צו א פארגלייכונג מיט די אנדערע מאסן-אינדיווידואומען. דער דערפאלג קען דערגרייכט ווערן נאר דורך דעם אפשאפן פון די שטערונגען, וואס זענען כאראקטעריסטיש פאר יעדן אינדיווידואום און, דורך דאס אפ-זאגן זיך פון די באזונדערע אייגנשאפטן און זייערע נייגונגען. מיר האבן געהערט, אז די דאזיקע אפט נישט-געוואונטשענע ווירקונגען קענען אפגעווענדט ווערן דורך א העכערער „ארגאני-זאציע" פון דער מאסע, וויפיקטענס טיילוויז, דאס איז אבער נישט אין סתירה צום גרונט-פאקט פון דער מאסן-פסיכאלאגיע, — די ביידע סברות וועגן דער אספעקט העכערונג און דאס דענקען-פארשטאפונג אין דער פרימיטיווער מאסע. אונדז אינטערעסירט צו געפינען א פסיכאלאגישע דערקלערונג פאר דער דאזיקער נייטיקער פארענדערונג ביים יחיד.

רעאַציאָנעלע מאָמענטן, ווי דאָס זיין פריער דערמאָנטע
אָפּשרעקן דעם יחיד. אלזא, די אקציע פון זיין זעלבסט-דערה-
האלטונג-געפיל — זיי דעקן נישט, דאָס איז קלאָר, די באַצאַצעכ-
טעטע דערשיינונגען. דאָס, וואָס די מחברים פון סאָציאָלאָגיע און
מאַסן-פּסיכאָלאָגיע, האָבן אונז דערלאַנגט אלס דערקלערונג, איז
שטענדיק דאָס זעלבע, נאָר אונטער זיך בייטנדיקע נעמען:

דאָס כשוף-וואָרט: סוגעסטיע. ביי Tarde הייסט עס
נאָכמאַכן, אָבער מיר האָבן געקענט געבן אַ־ין מחבר, וועל-
כער ווייזט אונז אָן, אַז דאָס נאָכמאַכן פאַלט אונטער דעם
באַגריף סוגעסטיע, און איז אפילו אַ פּועל-יוצא פון איר 1)
ביי לע-באָן ווערט אַלץ וואָס איז פריער אין די סאָציאַלע
פאָרשונגען פאַררעכנט אויפן חשבון פון צוויי פאַקטאָרן: אויף
דער קעגנזייטיקער סוגעסטיע פונם יחיד און אויפן פרעסטיזש
פונם פירער, אָבער דער פרעסטיזש דערשיינט ווידער נאָר
אלס ווירקונג וואָס רופט אַרויס סוגעסטיע.

ביי Mc Dougall האָבן מיר אַליין געקענט האָבן דעם
איינדרוק, אַז זיין פּרינציפּ פון דער „אַלערערשטער אַפעקט-
אינדוקציע" מאַכט איבעריק דאָס אָננעמען די סוגעסטיע. אָבער
ביי אַ ווייטערער באַטראַכטונג זעען מיר אַליין, אַז דער דאָזי-
קער פּרינציפּ דריקט אויס עפּעס אַנדערש, ווי די באַקאַנטע
באַהויפּטונג פון „נאָכמאַכן" אָדער „אָנשטעקונג", וואָס באַטאָנט
אָבער אַנטשיידן דעם אַפעקטיווען מאָמענט. אַז אין אונז איז פאַ-
ראַן אַ טענדענץ, ווען מיר זעען ביי אַן אַנדערן אַ סימן פון
אַפעקט-צושטאַנד, אַריינצופאַלן אין דעם זעלבן עפעקט, שטייט
אויסער יעדן ספק. אָבער ווי אָפט שטעלן מיר אַ דערפאָלגרייכן
ווידערשטאַנד, וואַרפן אָפּ דעם דאָזיקן אַפעקט, רעאַגירן אָפט
מיט אַ קעגנזעצלעכן זין! פאַרוואָס אָבער גיבן מיר זיך רע-
גלמעסיק אונטער דער דאָזיקער אָנשטעקונג ווען מיר זעען
אין דער מאַסע? מען וועט ווידעראַמאָל מוזן זאָגן, אַז דאָס

1) Brugeilles: L'essnce de phénomene sociel: La ugegstion. Rev.e philosophibue XXV. 1913.

איז דער סוגעסטיאנירטער איינפלוס פון דער מאסע, וואָס צווינגט אונז צו האָרכן דידאָזיקע נאָכמאכונג - טענדענץ, וואָס אינדוצירט אין אונז דעם אפעקט. איבריקענס האָבן מיר געזען, אז Mc Dougell קען אויך נישט אויסקומען אָן סוגעסטיע, פון אים הערן מיר, פונקט ווי פון אַנדערע: די מאַסן צייכענען זיך אויס מיט אַ ספּעציעלער סוגעסטיאָנירבארקייט. מען ווערט, אַלזאָ, צוגעגרייט צו דעם אויספיר, אז די סוגעסטיע (ריכטיקער: סוגעסטיאנירבארקייט) איז טאקי א ישם-ווייטער זיך רעדוצירבארער אורפענאמען, אַ גרונט-פאקט פונם מענטשלעכן גייסטיקן לעבן. אזוי האָט אויך געהאַלטן Bernstein, וועמענס וואונדערבאַרע קונסט איך האָב בייגעוואוינט אין י. 1889. איך דערמאָן זיך אָבער, אז איך דעמאָלט האָט מיך באַהערשט אַ טעמפּע קעגנערשאפט קעגן דער דאזיקער טיראַני פון דער סוגעסטיע. ווען מ׳שרייט אויף אַ באַקאַנטן, וואָס האָט זיך נישט אונטערגעגעבן דער סוגעסטיע: וואָס טוט איר?

וואָלט איך געזאָגט, Vous vous contresuggestionnez 1)

אַז דאָס איז אַ בפירושער אומרעכט און גוואלטאט.

געוויס, דער מענטש האט א רעכט צו קאנטר-סוגעסטיע, בעת מען פרווט אים אונטערוואַרפן זיך דער סוגעסטיע. מיין ווידערשטאנד נעמט שפעטער אן די ריכטונג פון פראָטעסט קעגן דעם, וואָס די סוגעסטיע, וועלכע דערקלערט אַלץ, זאָל אליין נישט דהאָבן קיין דערקלערונג. מכוח דעם האָב איך איבערגעחזרט די אַלטע שפּאס-פראַגע: 2)

Christoph trug Christum,
Christus trug die ganze Wel

---

1) איר קאנטרא-סוגעסטיאנירט זיך.

2) Konrnd Richter: Der deutsche St Christoph. Berlin 1896. Acta Germanica, I.

Sag wo hat Christoph
Damals hin den Fuss gestellt?

Christophorus Christum, sed
Christus sustulit orbem:
Constitent pedibus dic ubi

בעת איך בין נאָך קנאַפּע 30 יאָר
ווידער צוגעטרעטן צו דער רעטעניש פון סוגעסטיע, האָב איך
דערזען, אַז ס׳האט זיך דאָרט גאָרנישט געענדערט. אַחוץ איין
אויסנאַם, וואָס ווייזט אויף דעם איינפלוס פון דער פּסיכאָלאָגיע
קען איך ווייטער בלייבן ביי דער דאָזיקער באַהויפּטונג מיינער.
איך זע, אַז מען באַמיט זיך ספּעציעל, אַז מען זאָל קאָרעקט
פאָרמולירן דעם באַגריף סוגעסטיע, ס׳הייסט קאָנווענציאָנעל
פעסטשטעלן דעם געברויך פון דעמאָזיקן וואָרט 2), און דאָס
איז פּאַקטיש נישט איבעריק, ווייל דאָס דאָזיקע וואָרט ווערט
וואָס אַמאָל מער באַנוצט אין אַ פאַרדרייטן זין און עס ווערט
גאָר אין גיכן באַצייכענען יעדן באַליביקן איינפלוס, ווי אין
ענגלישן, ווי „to suggest, suggestion", פּאַסט זיך צו אונדזער
וואָרט „איך דייט אָן", „איך לייג פאָר", אָבער ס׳איז נישט
פאַרהאַן קיין דערקלערונג איבער דעם מהות פון דער סוגעסטיע,
ד. ה. איבער די באַדינגונגען, ביי וועלכע עס שאַפט זיך אַן
איינפלוס אָן געוויסע לאָגישע יסודות. איך וואָלט זיך נישט
אָפּגעזאָגט צו פאַרשטאַרקן מיין דאָזיקע באַהויפּטונג, ברענגענדיק
אַן אַנאַליז פון דער ליטעראַטור אין די לעצטע 30 יאָר.

---

1) קריסטאָל טראָגט קריסטוסן, קריסטוס טראָגט די גאַנצע וועלט, זאָג־
זשע־ווי האָט קריסטוס דעמאָלט זיין פוס געשטעלט?

2) Mc Dougall im Journal of Neurology and Psycho
pathology". vol I Nr. 1 May 1920
A noteon suggestion.

אָבער איך טו דאָס נישט, ווייל איך ווייס, אַז עס וועט ווערן צו-
געגרייט אַן אויספירלעכע אויספאָרשונג, וואָס האָט זיך גע-
שטעלט די דאָזיקע אויפגאַבע.

אנשטאָט דעם וועל איך פּרוּוון, כּדי צו דערקלערן די
מאַסן-פסיכאָלאָגיע, אנווענדן דעם באַגריף ל י ב י ד א, וואָס האָט
אונז אַ סך געהאָלפן בעתן שטודירן דעם פסיכאָ-נעווראָז.

ליבידאָ, — דאָס איז אַן אויסדרוק, וואָס איז גענומען
פון דער לערע וועגן אַפעקטיוויקייט. מיט אָט דעם טערמין רופן
מיר אָן די אַלס קוואַנטאַטיווע, ריזיק באַטראַכטע — אפילו
צו דער צייט נישט אויסגעמאָסטענע — ענערגיע פון אַזעלכע
נייגונגען, וואָס האָבן צו טון מיט דעם אַלעם, וואָס גייט
אַרונטער אונטער דעם וואָרט ל י ב ע. דער קערן פונם באַ-
גריף, וואָס מיר רופן אָן ליבע, איז, נאַטירלעך, דאָס וואָס
מען רופט געוויינלעך ליבע און וואָס די דיכטער באַזינגען,
און אויך יענע ליבע מיט דעם ציל פון אַ געשלעכטלעכער
פאַראייניקונג. מיר טיילן אָבער פון דעם נישט אָפּ דאָס, וואָס
האָט אויך אַ חלק אין דעם באַגריף ליבע: פון איין זייט די
אייגנליבע (עגאָאיזם), פון דער צווייטער זייט — די עלטערן-
און קינדער-ליבע, די פריינטשאַפט און די מענטשנליבע, ווי
אויך נישט דאָס מוסר נפש זיין זיך פאַר קאָנקרעטע זאַכן און אַב-
סטראַקטע אידייען. אונזער פאַרענטפערונג באַשטייט אין דעם,
וואָס די פסיכאָ-אַנאַליטישע אויספאָרשונג האָט אונז געלערנט,
אַז די אַלע שטרעבונגען זײַנען אַן אויסדרוק פון די זעלבע
נייגונגען, וואָס זײַנען געצילט צו דער געשלעכטס-פאַראייניקונג
צווישן פאַרשידענע געשלעכטער, הגם אין אַנדערע פאַרהעלטע-
נישן זענען זיי אָפּגעווענדעט פונם סעקסועלן ציל, אָבער זיי
ווערן אָפּגעהאַלטן ביים דערגרייכן אים, דערביי היטן זיי
אָבער תמיד גענוג אָפּ זייער אורשפּרינגלעכן וועזן, כּדי קענטיק
צו דערהאַלטן די אידענטיטעט (זעלבסט-באַפרייונג, שטרעבן צו
נאָענטקייט).

מיר מיינען, אַלזאָ, אַז די שפּראַך האָט מיט דעם וואָרט
„ליבע" אין זיינע פילטאַכיקע אַנווענדונגען געשאַפן אַדורכויס

ריכטיקן צוזאמענהאַנג, און מיר קענ.ן אויך מער נישט טון, ווי נעמען אַלס יסוד דאס זעלבע פאר אונזערע וויסנשאפטלעכע באטראכטונגען און באַשרייבונגען. צוליב אָט דעם באשלוס האָט דער פסיכא-אנאליז אַרויסגערופן אַ שטורם פון כעס, גלייך ווי עד וואלט געווען שולדיק אין אַ פאַרברעכער׳ישן אויפטו. און דאך האָט דער פסיכאָאַנאַליז נישט געשאַפן קיין שום אריגינעלעס מיט דערדאזיקער „פארברייטערטער" אויפפאסונג פון דער ליבע. דער „ערָאָס" פונם פילאָזאָף פלאטאָ דעקט זיך אין גאַנצן מיט זיין אָפשטאַמונג, לייסטונג און באַציונג צו דער געשלעכטס-ליבע מיט דער ל בע-קראַפט, מיט דעם לִיבידא פונם פסיכאָאַנאַליז, ווי ס׳האָבן דאָס באַוויזן, יעיעדער באַזונדער, Nachmanson, und Pfischer 1) און בעת דער אפאסטאל פאול לויבט אין זיין באַרימטן בריוו צו די קארינטער די ליבע מער פאַר אַלעם, האט ער געוויס געמיינט די ליבע אין דעם זעלבן „פארברייטערטן" זין 2). פון דעם קען מען זעען, אז די מענטשן נעמען נישט שטענדיק ערנסט זייערע גרויסע דענקער, אפילו דאַן, ווען זיי, די מענטשן, באַוואונדערן פלומרשט די לעצטע.

די דאזיקע ליבע-נייגונגען ווערן אין דעם פסיכאָאנאליז אַנגערופן apotiori און לויט זייער אָפשטאַמונג הייסן זיי סעקסועלע נייגונגען. דער רוב פון די „געבילדעטע" האָט איינגענומען דעם דאָזיקן נאָמען ווי אַ באַליידיקונג און זיך נוקם געווען אין א ם, מיט דעם וואָס זיי האָבן געוואָרפן די באַליידיקונג „פאנסעקסואליזם". דער, וואָס עס האַלט דאָס סעק-

---

1) Nachmansohn, Freuds Libidoteorie verglichen mit der Eroslehre Platos. Jntern. Zeitschr. p.uPsychoanalyse III, 1925; Pofister, ebd III, 1921.

2) „בעת איך רעד אויף דער שפראך פון מענטשן און מלאכים און איך האב נישט קיין ליבע," איז עס פונקט ווי איך וואלט געווען אליגנדיק שטיק ערץ אדער א רוישנדיקע טאץ".

סופעלעס פאַר אזוינס, וואָס איז אַ חרפה און דערנידעריקונג פאַר
דער מענטשלעכער נאַטור, דער מעג זיך באַנוצן מיט דעם
חשובערן אויסדרוק: עראָס און עראָטיק איך וואָלט דאָס
געקענט פון באַלד אין אָנהייב און מיר פאַרשפאָרט אַ סך
טענות. אָבער איך האָב דאָס נישט געטון, ווייל איך גיב קיינ-
מאָל נישט קיין קאָנצעסיע דער שוואַכמוטיקייט. מען קען
נישט וויסן, וווּהין מען פאַלט אַריין, גייענדיק אויף אַזאַ וועג;
צום ערשט גיט מען נאָך אין ווערטער, נאָכדעם ביסלעכווייז
אין מעשים. איך זע נישט אין קיין שום פאַרדינסט אין דעם,
וואָס מען שעמט זיך מיט דער סעקסועלקייט. דאָס גריכישע
וואָרט „עראָס", וואָס זאָל פּלומרשט מילדערן די חרפה, איז
דאָך סוף-כּל-סוף נישט עפּעס אַנדערש ווי די איבערזעצונג פון
אונזער וואָרט „ליבע", און ענדלעך ווער ס'קאָן וואַרטן, דער
דאַרף נישט מאַכן קיין שום קאָנצעסיעס.

מיר וועלן, אַלזאָ, פּרוּוון צו זאָגן, אַז די ליבע-באַציונ-
גען (גלייכצייטיק גערעדט. געפילס-בינדונגען) זיינען דער מהות
פון דער מאַסן-נשמה. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז וועגן דעם
רעדט זיך נישט ביי די אויבן ציטירטע מחברים. דאָס וואָס
ס'אַנטשפּרעכט זיי, (ס'הייסט די ליבעס-באַדינגונגען) דאָס איז
באַשיינפּערלעך באַהאַלטן הינטערן שירם הינטער דעם שפּאַנישן
ווענטל, פון דער סוגעסטיע. אויף צוויי געדאַנקען שטיצן מיר
אונזער באַהויפּטונג: ערשטנס, אַז די מאַסע ווערט באַשיינפּער-
לעך צוזאַמענגעהאַלטן דורך עפּעס אַ קראַפט. וועלכער קראַפט
קען מען גיכער פאַר אַלעם צושרייבן דאָס, חוץ דעם עראָס,
וואָס האַלט צוזאַמען אַלע זאַכן אין דער וועלט? צווייטנס,
מען באַקומט דעם איינדרוק, אַז ווען דער יחיד אין דער
מאַסע זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגנאַרטיקייט און לאָזט זיך סו-
געסטיאָנירן פון אנדערע, טוט ער דאָס, דערפאַר ווייל ביי אים
איז פאַראַן אַ באַדערפעניש גיכער צו זיין אין איינקלאַנג מיט
זיי, איידער קעגנזאַץ. אַלזאָ, ס'קען אפילו הייסן „זיי צוליב".

## V

## צוויי קינסטלעכע מאסן: קירך און ארמיי

אויס דער מארפאלאגיע פון דער מאסען געדענקן מיר, אז מען קען אונטערשיידן זייער פארשידענע מינים און קעגנזייטיקע ריכטונגען אין זייער פארמירונג. עס זענען פאראן זייער קורצדויערנדיקע און לאנג-דויערנדיקע מאסן; האמאגענע, וואס באשטייען פון גלייכארטיקע אינדיווידואומען, און נישט-האמאגענע; נאטירלעכע מאסן און קינסטלעכע, וואס ברויכן האבן פאר זייער צוזאמענהאלט אן אויסערלעכן צוואנג; פרימיטיווע און צעגלידערטע, הויך ארגאניזירטע מאסן. אבער צוליב א גרונט, וועמענס ציל איז נאך פארהוילן, וואלטן מיר געוואלט לייגן אכט אויף איין אונטערשיד, וואס איז ביי די זעלבע מחברים ווייניק באאבאכטעט געווארען; איך מיין די מאסן, וואס זענען אן פירער און די, וואס האבן יא פירער. און אלס קעגנזאץ צו דער געוויינלעכער געוויינהייט נעמט אונזער אויספארשונג אלס אויסגאנג פונקט נישט די געוויינלעכע רעלאטיווע מאסע, נאר די הויך-ארגאניזירטע, דויערהאפטיקע, קינסטלעכע מאסע. אלס אינטערעסאנטע ביישפילן פון אזעלכע פארמירונגען זענען די קירך, די געמיינדע פון די גלויביקע און די ארמיי — דאס מיליטער.

קירך און אַרמיי זענען קינסטלעכע מאסן, ד. ה. עס ווערט אַנגעווענדעט אַ געוויסער אויסערלעכער צוואַנג, כדי זיי אָפּ־צוהיטן פון צעפאַלונג 1) און אָפּצוהאַלטן די ענדערונגען אין זייער סטרוקטור. געוויינלעך פרעגט מען נישט איינעם, אָדער עס ווערט קיינעם נישט געגעבן דער פרייער ווילן, צי ער וויל אַריינטרעטן אין אַזאַ מאַסע; דער פרווו אַרויסצוטרעטן פון איר ווערט געוויינלעך פאַרפאָלגט אָדער שטרענג באַשטראָפט אָדער ער איז געבונדן מיט גאַנץ באַשטימטע באַדינגונגען. פאַרוואָס די דאַזיקע פאַרגעזעלשאַפטלעכע האָבן אַ באַזונ־דערע זיכערונג — די דאַזיקע פראַגע גייט איצט נישט אַריין אינם קרייז פון אונזערע אינטערעסן. אונז אינטערעסירט נאָר דער איינער אומשטאַנד, וואָס אין אָט די דאַזיקע הויך־אָרגאַ־ניזירטע מאסן, וואָס ווערן געשיצט פון צעפאַלונג מיט אַזעלכע אופנים, קען מען מיט אַ גרויסער דייטלעכקייט באַמערקן גע־וויסע פאַרהעלטענישן, וואָס זענען ערגעץ־אַנדערש־ווו נאָך טי־פער פאַרבאָרגן.

אין דער קירך — מיר קענען באַקוועם נעמען אַלס מוס־טער די קאַטוילישע קירך — גילט ווי אין דער אַרמיי, — ווי פאַרשידן זיי בײַדע זאָלן נישט זיין — די זעלבע פאַלשע איבערצייגונג (אילוזיע), אַז ס'איז אין איר פאַראַן אַן אויבער־הויפּט — אין דער קאַטוילישער קירך קריסטוס, אין דער אַר־מיי — דער הויפּט־אַנפירער. וואָס האָט גלײַך ליב אַלע יחידים פון דער מאַסע. אויף דער דאָזיקער אילוזיע הענגט אַלץ; קוים פאַלט זי אָפּ, דאַן צעפאַלן זיך גלײַך, אויף וויפיל דער אויסער־לעכער צוואַנג דערלויבט עס, אי די קירך, אי די אַרמיי. וועגן קריסטוסנס גלײַכער ליבע פאַר אַלע ווערט אויסדריקלעך געזאָגט: דאָס, וואָס איר האָט געטון מיינע נידעריקסטע ברו־דער, איז גלײַך ווי איר האָט דאָס מיר געטון. צו יעדן יחיד

1) די איינגנשאַפטן „סטאַביל“ און „קינסטלעך“ זעט אויס פאַסן זיך צו די מאסן, אדער לכל הפּחות זענען זיי אינטים צוזאַמענגעבונדן.

פון דער מאסע באַציט ער זיך ווי אַ גוטהערציקער עלטערער ברודער, ער פאַרטרעט זיי אפטער. אלע אויפפאָדערונגען צום יחיד שטאַמען אָפּ פון דער דאָזיקער קריסטוסנס ליבע. אין דער קירך גייט אדורך אַ דעמאָקראַטישער שטריך, טאַקע דער־פאַר, ווייל פאַר קריסטוסן זענען אלע גלייך, אלע האָבן אַ גלייכן חלק אין זיין ליבע. גאַנץ ריכטיק ווערט די גלייכהייט פון דער קריסטלעכער געמיינדע פערגליכן מיט דער פאַמיליע, און רופן זיך אַן די גלויביקע ברידער אין קריסטוסן. ד. ה. ברידער פון דער ליבע, וואָס קריסטוס האָט פאַר זיי. עס איז נישט קיין ספק, אַז דער צוזאַמענבונד פון יעדן יסוד צו קריסטוסן איז אויך די סיבה פון זייער צוזאַמענבונד איינער מיטן צווייטן. דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט דער אַרמיי, דער הויפּט־אַנפירער איז דער פאַטער, וואָס האָט גלייך ליב אלע זיינע זעלנער. און דעריבער זענען זיי ווי חברים צווי־שען זיך. מיט דעם שיידט זיך אונטער לויט די קאָנסטרוקציע די אַרמיי פון דער קירך, וואָס זי, די אַרמיי, איז אַ שטופּן־געביי פון אַזעלכע מאַסן. יעדער אָפיציר איז גלייכצייטיק דער אַנפירער און פאַטער פון זיין אָפּטיילונג, יעדער אונטער אָפיציער פון זיין סעקציע. אַן ענלעכע היעראַרכיע איז טאַ־קע פאַראַן אויך אין דער קירך, זי שפּילט אָבער נישט די זעלבע עקאָנאָמישע ראָל, ווייל קריסטוסן שרייבט מען צו, אַז ער ווייסט און זאָרגט זיך מער פאַר דעם יחיד, ווי דער מענטש — הויפּט־אַנ־ירער.

קעגן אָט דער אויפפאַסונג פון דער ליבידאָ־סטרוקטור אין אַן אַרמיי קען מען מיט רעכט זאָגן, אַז די אידייען וועגן פאָטערלאַנד, נאַציאָנאַלן רום א. א., וואָס האָבן אַזאַ באַ־טייט פאַר דעם צוזאַמענהאַלט פון דער אַרמיי, האָבן נישט קיין אָרט אין דער דאָזיקער סטרוקטור. דער ענטפער איז, דאָס איז אַן אַנדערער, שוין נישט אַזאַ איינפאַכער פאַל פון מאַסן־פאָרמירונג, און ווי ס'ווייזן די ביישפּילן מיט די גרויסע אַרמיי־אָנפירער, צעזאַר, וואַלענשטיין נאַפּאָלעאָן, זענען אַזעלכע אידייען נישט נויטווענדיק פאַר דעם באַשטאַנד פון אַן אַרמיי. פון דעם

מעגלעכן ערזאץ פון אַ פירער דורך אַן אָנפירנדיקע אידיי און די באַציִונגען צווישן ביידע, צווישן אָנפירער און דער אידיי, וועלן מיר שפּעטער רעדן. דאָס פאַרנאַכלעסיקן פון דעם דאָזיקן ליבידאָ-פאַקטאָר אין דער ארמיי, אפילו דאַן, ווען ער איז נישט דער איינציק-ווירקזאַמער, איז נישט נאָר אַ טעאָרעטישער חסרון, נאָר אויך אַ פּראַקטישע געפאַר. דער פּריסישער מיליטאַריזם, וואָס איז געווען אזוי נישט פּסיכאָלאָגיש, פונקט ווי די דייטשע וויסנשאַפט, איז דאס אפשר, געוואָר געוואָרן בשעת די גרויסע וועלט-מלחמה. די קריגס-נעווראָזן, וואס האבן אויפגעלייזט די דייטשע ארמיי, זענען ס'רוב געווען אַ פּראָטעסט פונם יחיד קעגן זיין אנגעוואָרפענע ראָל אין דער ארמיי. און לויט T. Simmel's (1 מעלדונגען דאַרף מען באַהויפּטן, אַז צווישן די מאָטיוון פון קראַנק ווערן דאַרף מען אויפן ערשטן אָרט שטעלן די נישט ליבלעכע באַהאַנדלונג פון דעם פּשוטן מענטשן דורך אָנפירער. ביי אַ בעסערער אָפּשאַצונג פון דעם דאָזיקער ליבידאָ פאָדערונג, וואָלטן וואַרשיינלעך, ווי סאַנס פאַנטאַסטישע הבטחות און 14 פּונקטן נישט באַגעגנט אַזאַ לייכטגלויביקייט, און דער אויסגעצייכנטער אינסטרומענט וואָלט נישט צעבראָכן געוואָרן אין די הענט פון די דייטשע אָנפירער.

מיר באַמערקן, אַז אין די דאָזיקע ביידע קינסטלעכע מאַסן, איז יעדער יחיד, פון איין זייט, געבונדן ליבידאָ-אָרטיק מיט דעם אָנפירער (קריסטוס, ארמיי-אָנפירער) און פון דער צווייטער זייט, מיט די אַנדערע מאַסן-אינדיווידואומען. ווי אזוי פאַרהאַלטן זיך די ביידע צוזאַמענבונדן, צי זענען זיי גלייכאַרטיק און גלייכווערטיק און ווי אזוי מ'דאַרף זיי באַשרייבן פּסיכאָלאָגיש, דאָס מוזן מיר אָפּלייגן אויף אַ שפּעטערע אויספאָרשונג. מיר דערלויבן זיך אָבער צו מאַכן אַ לייכטן פאָרוווּרף יענע מחברים, וואס האבן נישט גענוג

---

1) Kriegsneurosen und Psychische Träume", München 1918.

אפגעשוואַכט דעם באַטייט פון די פירער פאַר דער פסי-
כאָלאָגיע פון דער מאַסע, בעת דער אויסקלויב פון ערשטן
אויספאָרשונגס-אָביעקט האָט אונז געשטעלט אין אַ געוויסער
לאַגע. אַט ווילט זיך אונז דאַכטן, אַז מיר גייען אויפן
ריכטיקן וועג, וואָס וועט דערקלערן די הויפּט דערשיינונג פון
דער מאַסן-פּסיכאָלאָגיע; די נישט-פרייהייט פונם יחיד אין דער
מאַסע. אויב אין יעדן יחיד איז פאַראַן אַזאַ שטאַרק געפילס-
צוזאַמענבונד אין צוויי ריכטונגען, דאַן וועט אונז נישט שווער
זיין אַרויסצודרינגען פון דעם דאָזיקן צושטאַנד די באַמערקטע
פאַרענדערונג און דאָס באַגרענעצט ווערן פון זיין פערזענלעכ-
קייט.

אַ רמז, אַז דער מהות פון אַ מאַסע באַשטייט אויך די
אין איר פאַראַנענע ליבידאָ-צוזאַמענבונדן, האָבן מיר אויך
אין דעם פענאָמען פון דער פּאַניק, וועלכע מען קען אַמבעסטן
אויספאָרשן אויף די מיליטערישע מאַסן. אויב אַ מאַסע ווערט
אויפגעלייזט, דאַן אַנטשטייט אַ פּאַניק. דער כאַראַקטער פון
דער פּאַניק באַשטייט אין דעם, וואָס עס ווערט שוין נישט
דערפילט קיין שום באַפעל פון די אָנפירער, און וואָס יעדער
זאָרגט פאַר זיך, אָן אייַנזען פאַר די אַנדערע. די קעגנזייטיקע
צוזאַמענבונדן האָבן אויפגעהערט און עס ווערט פריי אַ ריזן-
גרויסער, זינלאָזער פחד. נאַטירלעך, אויך דאָ קען מען אַרויס-
שטעלן אַ טענה, אַז עס איז גראָד פאַרקערט: דער פחד איז אַזוי
גרויס, ער האָט באַזיגט אַלע אייַנזעענישן און צוזאַמענבונדן.
Mc Dougall (ז. 24) האָט אפילו באַטראַכט דעם פאַל פון פּאַ-
ניק (אמת, נישט מיליטערישער) אַלס מוסטער-ביישפּיל פאַר די פון
אים באַטאָנטע אַפעקט-העכערונג דורך אַנשטעקונג primary in-
duction, אָבער די דאָזיקע ראַציאָנעלע דערקלערונגען האָבן
זיך דאָ אינגאַנצן נישט אייַנגעגעבן. צוערשט דאַרף מען דער-
קלערן, פאַרוואָס דער פחד איז אַזוי ריזן-גרויס געוואָרן. די
גרויס פון דער געפאַר קען נישט זיין אַלס סיבה, ווייל די
זעלבע אַרמיי, וואָס איז איצט אַרומגענומען פון פּאַניק, קען
אויסהאַלטן עטלעכע גרעסערע און נאָך גרעסערע געפאַרן זער

גוט. זי געהערט גראָד צום מהות פון דער פאניק, וואָס שטייט נישט אין קיין פארהעלטעניש צו דער דראָענדיקער געפאר, ווייל אָפט ברעכט זי אויס צוליב נישטיקע סיבות. אויב דער יחיד הייבט אָן צו זאָרגן פאַר זיך בעת דער פאנישער שרעק, ווייזט ער מיט דעם, אז ביי אים האבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן די אפעקטיווע צוזאמענבונדן, וועלכע האָבן אים ביזאהער פארקלענערט די געפאר. איצט, ווייל ער שטעלט זיך אליין אַנטקעגן דער סכנה, דארף ער זי העכער שעצן. עס קומט אלזא אויס, אז די פאַנישע שרעק זעט פאָרויס די אָבשוואכונג פון דער ליבידא-סטרוקטור פון דער מאסע און רעאָגירט מיט איר אויף אַ בארעכטיקטן אופן, נישט פארקערט, אז די ליבידא-צוזאמענבונדן פון דער מאסע זענען פלומרשט געגאנגען צום גרונט אויס מורא פאר דער געפאר.

מיט אָט די באמערקונגען ווערט בשום-אופן נישט דער-ווידערט דער סברה, אַז די מורא אין דער מאסע וואקסט געוואלטיק אויס. דורך אינדוקציע (אָנשטעקונג). Mc Dougall's אויפפאסונג איז דורכאויס טרעפללך אין דעם פאל, ווען די געפאר איז אין אמת'ן אַ גרויסע און ווען אין דער מאָסע זענען נישט פאראן קיין שטארקע געפילט צוזאַמענבינדונגען, וואָס ווערן פארווירקלעכט, אויב צ. ב. אין אַ טעאַטער אָדער אין אַ ארויילונגס-לאָקאַל ברעכט אויס אַ שרפה. אלס באַ-לערנדיקער און פאר אונזער צוועק טויגלעכער פרט איז דער אויבן דערמאָנטער פאל, פון פאניק אין דער ארמיי. אויב די געפאר שטייגט נישט איבער די געוויינלעכע מאָסן, וואָס חזרן זיך אָפט איבער און וואָס האָבן נישט ארויסגערופן קיין פאַ-ניק. מ'דארף נישט מיינען, אז דאָס וואָרט פאניק ווערט דאָ באַנוצט שטרענג און גענוי.

מאנכעס מאָל באצייכנט מען אזוי יעדן מאַסן-פחד, און אַ סך מאָל אויך די שרעק פון יעדן יחיד, אויב זי גייט אריבער אַ געוויסע מאָס. אָפט ווערט דער דאָזיקער באגריף רעזערווירט, אויב דער אויסדרוק פון שרעק ווערט נישט באַ-רעכטיקט דורך דער ארויסגערופענער סיבה. אויב מיר נעמען

יאָס וואָרט „פּאניק" אין זין פון מאסן-פּחד, דאַן קענען מיר באַחויפּטן אוווייטגייענדיקע אַנאַלאָגיע. די שרעק פונם יחיד ווערט אַרויסגערופן אָדער דורך דער גרויס פון דער געפאַר, אָדער דורך דער פאַרניכטונג פון די געפילס-צוזאַמענבונדן (Libido besetzung) דער לעצטער פאַל איז שייך דער נעוו-ראָזישער מורא; (זע Vorlesungen zur Einführung in die Psychoanalize XXV,3 aufl, 1920).

די פּאניק אנשטייט אויך דורך דער העכערונג פון דער סכנה, וואָס טרעפט אַלע, אדער דורך דאָס אויפהערן פון די געפילסצוזאמענבונדן, וואָס האלטן צוזאמען די מאסע; און דער לעצטער פאַל איז אנאלאָגיש דער נעווראָזישער מורא. פאַרגלייך צו דעם דעם געדאנקען-רייכן, אָבער עטוואס פאנ-טאסטישן אַרטיקל פון Béla v. Tolnreghy' Panik und Pankomplex, „Imago" vl., 1920)

אויב מ'באַשרייבט די פּאניק, ווי (c. I) Mc Dougall טוט אַלס איינע פון די בולטסטע לייסטונגען פון „group mind" קומט מען צום פּאראדאקס, אז דידאזיקע מאַסן-נשמה שאפט זיך אַליין אָפּ אין איינע פון אירע אויפפאַלנדיקסקע דערשיי-נונגען.

עס איז נישט קיין ספק, אַז די פּאַניק באַטייט די אויפ-לייזונג פון דער מאַסע, זי איז דער פּועל-יוצא פון דאָס אויפ-הערן פון אַלע איינזעגיישן; וועלכע די יחידים אין דער מאַסע וויין איינער פארן צווייטן.

די טיפּישע סיבה פאַרן אויסברוך פון א פּאניק איז זער ענלעך צו דאָס וואָס ווערט געשילדערט אין Nestroys פּאראָדיע אויף Hebbels דראַמע „יהודית און הולפורנס". דאָרט שרייט אַ זעלנער: „דער מלחמה-אָנפירער האָט פארלוירן דעם קאָפּ", און באַלט אויף דעם צעלויפן זיך אַלע אשורער. דער פארלוסט פונם פירער, וואָסערען באַטייט ער זאָל נישט האָבן, דאָס אָנטוישן זיך אין אים, רופט אַרויס אַ פּאניק, הגם די גע-פאר בלייבט די זעלבע; צוזאמען מיט דאָס פארשווינדן ווערן פונם צוזאמענבונד צום אנפירער, פארשווינדן – און דאָס איז

א כלל—אויך די קעגנזייטיקע צוזאַמענבונדן פון הי מאַסן יחידם די מאַסע ווערט צעשטערט ווי אַ באלאַניער פלעשל. ביי וועלכ מען האָט אַפגעבראָכן דעם שפיץ.

די אויפלייזונג פון אַ רעליגיעזער מאַסע קען מען אַזו לייכט באַמערקן. נישט לאַנג איז מיר אריינגעפאַלן אין די האַנט אריין אַן ענגלישער ראָמאַן פון קאַטוילישן לעבן, וואָס אין רעקאָמענדירט געוואָרן דורכן לאָנדאָנער בישאָף מיט דעם טיטל

1) When it was dark, וואָס שילדערט אזא מעגלעכקייט פון אַ רעליגיעזער אויפלייזונג און אויך איר פועל-יוצא אויף אגעשיקטן און, ווי מיר דאַכט זיך. זער טרעפלעכן אופן. דער ראמאן שילדערט דאָס, גלייך ווי די זאך וואָלט פאָרגעקומען אין דער היינטיקער צייט: עס איז געלונגען א חברה פאַרשווע-רער, שונאים פון קריסטוסן און פון קריסטלעכן גלויבן, אויס-צוזוכן אין ירושלים א קבר אויף וועמענס אַן אויפשריפט ס'איז זיך מודה יוסף פון ארימאַטעאַ, אַז ער האָט אויט פיע-טעט סיבות ארויסגענומען קריסטוסנס גוף דריי טאָג נאָך דער קבורה און אים דאָ באַגראָבן. מיט דעם איז פארניכטעט גע-וואָרן די לעגענדע וועגן קריסטוסנס תחית-המתים אויפשטיין און זיין געטלעכע נאטור, און דער פועל-יוצא פון דער דאָ-זיקער ארכעאָלאָגישער אנטדעקונג איז א דערשיטערונג פון דער אייראפעאישער קולטור און אן אויסערגעוויינלעכע פארערונג פון געוואלטאַטן און פארברעכנס, וואָס ווערן פאַרשווינדן ערשט דאַן, ווען ס'איז אנטדעקט געווארן די פארשווערונג פון די שווינדלער.

דאָס וואָס עס טרעט דאָ ארויס אויפן ערשטן פלאן ביי דער פארשיינלעכער אויפלייזונג פון דער רעליגיעזער מאסע, איז נישט דער פחד, פאר וועלכן עס פעלט די סיבה, נאָר

---

„ווען ס'איז געווען פינצטער".

קוויטשלעך, און פייגטלעכע איצמפולסן קעגן אנדערע אים פאלק, וואס האבן זיך ביז אהער נישט נעקענט ארויסווייזן, ארונטער דער גלייכער ליבע פון קריסטוסן. 1)

מחוץ דעם דאזיקן צוזאמענבונד שטייען אבער בעת דער מלוכה פון קריסטוסן יענע אינדיווידומען, וואס געהערן נישט צו דער גלויביקער געמיינדע, וואס האבן אים נישט ליב און וועלכע ער האט נישט ליב; דעריבער מוז א רעליגיע, אפילו ווען זי איז די רעליגיע פון ליבע, ארויסטרעטן שטרענג און פייגטלעך קעגן די יעניקע, וואס געהערן נישט צו איר. אין גרונט גענומען איז יעדע רעליגיע א רעליגיע פון ליבע פאר אלע, וואס זי נעמט ארום, און אין יעדער ליגט גרויזאמקייט און אומטאלעראנץ קעגן די וואס שטייען נישט נאענט צו איר. מען דארף, ווי שווער עס זאל איינעם נישט זיין, נישט מאכן דעם גלויביקן קיין שווערע פארווורפן צוליב דעם. פאר נישט-גלויביקע און דיפערענטער איז עס אין דער הינזיכט פסיכאלאגיש א סך לייכטער. אויב די דאזיקע אומטאלעראנץ באווייזט זיך נים אין די היינטיקע צייטן אזוי געוואלטיק און אזוי מוראדיק ווי אין די פריערדיקע יארהונדערטער, דארף מען דערפון דריגען די מילדערונג פון די מענטשלעכע זיטן. מ'דארף געפינען די סיבה דערפון אין דער אומבאשטריטענער אפשוואכונג פון די רעליגיעזע געפילן און אין די פון איר אפהענגיקע ליבידא צוזאמענבונדן. אויב אויסן ארט פון דער רעליגיעזע מאסע טרעט ארויס אן אנדערע מאסן-פארמאציע, ווי עס איז דאכט זיך, דער פאל מיט דער סאציאליסטישער, וועט דא זיין אלס רעזולטאט דיזעלבע אומטאלעראנץ צו די פון דרויסן שטייענדיקע, פונקט ווי אין די צייטן פון רעליגיעזע מלחמות.

---

1) פארגלייך צו דעם די דערקלערונג פון די ענלעכע פענאמענס נאכן פארשווינדן ווערן פונם דעם אויטאריטעט פון דער פאמיליע ביי P. Federn. Die vaterlosse Geselschaft, Wien 1919

## ווייטערדיקע אויפגאַבן און אַרבעטס-ריכטונגען.

מיר האָבן ביזאַהער אויסגעפאָרשט צוויי קינסטלעכע מאַסן און איינגעזען, אַז זיי זענען באַהערשט פון צוויי געפיל-צוזאַמענבונדן, פון וועלכע איינע, צום פירער, זעט אויס, ווייניקסטנס פאַר זיי — צו זיין מער פאַסנדיקער ווי די אַנדערע, וואָס עקזיסטירט צווישן די מאַסן-יחידים.

אָבער אין דער מאָרפאָלאָגיע פון דער מאַסע איז נאָך פאַראַן אַ סך אויסצופאָרשן און צו באַשרייבן. מען דאַרף אַרויסגיין פון דער הנחה, אַז אַ בלויזע מענטשן-מענגע איז נאָך נישט קיין מאַסע, כל-זמן עס זענען נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן יענע צוזאַמענבונדן. מ'דאַרף אָבער מודה זיין, אַז אין יעדער מענטשן-מענגע טרעט זייער לייכט אַרויס די טענדענץ צו דער פאָרמירונג פון אַ פסיכאָלאָגישער מאַסע. מען מוז שענקען אויפמערקזאַמקייט די פאַרשידנאַרטיקע מער אָדער ווייניקע באַשטענדיקע מאַסן, וואָס קומען צושטאַנד ספּאָנטאַניש; מ'דאַרף שטודירן די באַדינגונגען פון זייער אַנטשטייונג און צערפאַל. קודם-כל אינטערעסירט אונז דער אונטערשיד צווישן די מאַסן, וואָס האָבן אַפירער און צווישן די, וועלכע האָבן

נישט אַ פירער. צי זענען נישט די מאַסן מיט פירער די אויפ־געגלעבסטע און פאָלקאָמסטע? צי קען מען נישט אין די אַנדערע מאַסן פאַרטרעטן דעם פירער מיט אַן אידיי, מיט אַן אַבסטראַקט, פון וועלכע עס זענען אין איבערגאַנגס־שטופע די רעליגיעזע מאַסן מיט א נישט זעבאַרן אָנפירער? צי איז נישט דער שטעלפאַרטרעטער פון אַן אָנפירער אַן אַלגעמיינע אידיי, אַ ווינטש, אין וועלכער עס נעמט אַן אָנטייל די מאַסע? דאָס דאָזיקע אַבסטראַקטע קען זיך ווידעראַמאָל, מער אָדער ווייני־קער פולקאָם, פאַרקערפערן אין אַ פערזענלעכקייט פון אַ צווייט־ראַנגיקן פירער, און פון דער באַציונג צווישן אידיי און פי־רער שטראָמען אַרויס אינטערעסאַנטע פאַרשידנאַרטיקייטן. דער פירער אָדער די פירנדיקע אידיי קענען אויך, אַזוי צו זאָגן, ווערן נעגאַטיוו; דער האַס קעגן אַ באַשטימטער פערזאָן אָדער אינסטיטוציע קען פונדעסטוועגן אויך ווירקן אַלס פאַראייניקונגס־פונקט און אַרויסרופן ענלעכע געפילס־צוזאַמענבונדן, פונקט ווי די פאָזיטיווע. עס פרעגט זיך דאַן, צי דער פירער איז באמת נויטווענדיק פאַר דעם מהות פון דער מאַסע א.אַ.וו.?

אָבער דידאָזיקע אַלע פראַגן וואָס זענען טיילווייז אויך באַהאַנדלט געוואָרן אין דער ליטעראַטור וועגן דער מאַסן־פסי־כאָלאָגיע, וועלן נישט אימשטאַנד זיין אונז אַראָפצופירן פון די גרונט־פסיכאָלאָגישע פראָבלעמען, וואָס שטעלן זיך פאַר אונז אין דער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט. מיר זענען צום ערשט געבונדן פון אַ באַטראַכטונג, וואָס ברענגט אונז אויפן קירצסטן וועג צום באַווייז, אַז די ליבידאָ־צוזאַמענבינדן כאַ־ראַקטעריזירן די מאַסע

מיר דערמאָנען זיך, ווי אַזוי די מענטשן פאַרהאַלטן זיך בכלל איינער צום צווייטן אין אַפעקטיוון צושטאַנד. לויט שאָפענהויערס באַרימטן פאַרגלייך פון די געפרוירענע ווילדע חזירים, פאַרטראַגט קיין שום מענטש נישט קיין צופיל אינטימע נאָענטקייט פון אַ צווייטן. 1)

---

1) אַ סטאַדע פון ווילדע [illegible]

לויט ווי עס באַהויפּטעט דער פּסיכאָ־אַנאַליז פּאַלט אָפּ
כמעט יעדע דורכגעהאַקטע אינטימע געפילס־פאַרהעלטניש צווישן
צוויי פּערזאָנען — אין חתונה, פריינטשאַפט, עלטערן־און־קינדער־
געפילן¹) אן אָפּזעצונג פון אָפּשטויסנדיקע, פיינטלעכע געפילן,
וואָס ווערן נישט באַקאַנט אדאנק דאָס פאַרבאַרגן זיי. וויי־ניקער
באַהאַלטן איז עס, בעת די צוויי קריגן זיך און ווען דער איינ־
טערגעוואָרפענער מורטלט קעגן זיין איבערהערשער. דאָס זעלבע
געשעט, ווען די מענטשן קומען זיך צוזאַמען אין גרויסע מאַסן.
יעדעס מאָל, ווען צוויי פאַמיליעס פאַרבינדן זיך אדאנק דער
חתונה, האַלט זיך יעדע איינע פון זיי פאַר די בעסטע אדער
בכבודיקערע ווי די צווייטע. פון צוויי שכנותדיקע שטעט ווערט
יעדע איינע־פאַרגינערן, קאָנקורענטין פון דער אַנדערער, יעדע
קליין נאָך קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דער צווייטער. נאָענט־
קרובישע פאָלקס־שטאַמען שטויסן אָפּ איינער דעם צווייטן. דער
דרום־דייטש קען נישט ליידן דעם צפון־דייטש, דער ענגלענדער
רעדט אויס אַלדאָס בייז אויפן שאָטלענדער, דער שפּאַניער
פאַראַכטעט דעם פּאָרטוגעזער. אז ביי גרעסערע דיפערענצן איז
פאַראַן אַ נישט לייכטע שנאה, (דער גאַליער קעגן גערמאַנער

---

ווינטער טאָג, צוזאַמענגעדריקט נאָענט איינער צום צווייטן, כדי זיך שיצן דורך
דער געגנזייטיקער וואַרימקייט פאַר דער פראָסט. אָבער באַלד האָבן זיי דער־
שפּירט די קעגנזייטיקע שטעך, וואָס האָבן זיי ווידער דערווייטערט איינער פון
צווייטן. ווען די באַדערפעניש צו וואַרימקייט האָט זיי ווידער צוזאַמענגעברענגט
צוזאַמען, דאָן חזרט זיך איבער די זעלבע צרה, אזוי, אז זיי ווערן געוואָרפן הין
און צוריק צווישן צוויי צרות, ביז זיי האָבן אויסגעפונען אַ מעסיקע דערווייַ־
טערונג, אין וועלכער זיי האָבן אַמבעסטן געקענט אויסהאַלטן". (Parerga
und Paralipomenall Teil, Gleichnisse und Parabeln),

1) אחוץ אפשר מיט דעם איינציקן אויסנאַם פון דער באַציִונג צווישן
אַ מוטער מיט אַ זון, וואָס שטיצנדיק זיך אויף דעם נאַרציזם, ווערט זי נישט
געשטערט דורך קיין שפּעטערדיקע ריוואַליטעט און ווערט פאַרשטאַרקט דורכן
אָנטייל אין דעם אויסקלויב פון סעקסועלן אָביעקט

דער אריער קענען סעטים, דער ווייסער קענען קאלירטן) דאס
האט אונז שוין אויפגעהערט צו חידושן.

ווען די פיינטשאפט הענדעט זיך קענען די אמאל געליבטע
פערזאנען, באצייכענען מיר דאס אלס געפיל אמביוואלענץ און
מיר דערקלערן זיך דעם דאזיקן פאל, פארשטייט זיך, מיט א
צופיל ראציאנעלן אופן, דורך די פארשידענסטע סיבות צו אינ-
טערעסן-קאנפליקטן, וואס טרעפן זיך גראד אין די אינטימע
באציונגען. אין די ארויסטרעטנדיקע נישט-פריינטלעכקייטן און
אפשטויסונגען קעגן נאענט-שטייענדיקע פרעמדע קענען מיר גע-
פונען דעם אויסדרוק פון אייגנליבע, פון נארציזם, וואס שטרעבט
צו זיין זעלבסט באפעסטיגונג און פירט זיך אזוי אויף, גלייך ווי
די עקזיסטענץ פון אונטערשיידן זיינע אינדיווידועלע פעיקייטן
ברענגט מיט זיך א קריטיק פון די דאזיקע אייגנשאפטן און
א פאדערונג זיי איבערצומאכן. פארוואס עס האט זיך געווארפן
אזא גרויסע עמפינדלעכקייט גראד אויף די דאזיקע אי נצלהייטן
פון דער דיפערענצירונג ווייסן מיר נישט; עס איז אבער נישט
אפצולייקענען, אז אין דעם דאזיקן פארהאלטן זיך פון מענטשן,
ווערט אויסגעדרוקט די גרייטקייט צו האס, די אגרעסיווקייט,
וועמעס אפשטאמונג ס'איז אומבאקאנט און וועלכע מען קען
צושרייבן אן עלעמענטארן כאראקטער. 1)

אבער די גאנצע אומטאלעראנץ פארשווינדט, צייטווייליק
אדער דויערנדיק, דורך דער פארמירונג פון א מאסע און אין
דער מאסע. כל זמן די מאסע פארמירונג געדויערט, אדער אויפ-
וויפיל זי דערגרייכט, פארהאלטן זיך די יחידים, גלייך ווי זיי
וואלטן געווען גלייכפארמיק, זיי דערליידן די אייגנארטיקייט

---

1) אין א בוך, וואס איז ערשט נישט לאנג (1920) דערשינען -jen
seits des Ichs princip האב איך געפרווט צו פארבונדן די פאלארקייט
פון ליבע און האס מיטן אנגענומענעם קעגנזאץ פון לעבן-און-טויט-נייגונג, און
די סעקסועלע נייגונגען צו באטראכטן אלס די ריינסטע פארטרעטער פון ד
ערשטע, פון לעבנס נייגונג.

פון א צווייטן, שטעלן זיך גלייך מיט זיים און שפירן נישט קיין שום געפיל פון אפשטויסונג. אזא באגרענעצונג פון נאר־ציזם קען לויט אונזערע טעאָרעטישע אנשויונגען אנטשטיין נאָר דורך איין מאָמענט: דורכן ליבידאָ — צוזאמענבונד צו אנדערע פערזאָנען. די אייגנליבע געפינט איר גרעניץ נאָר אין דער ליבע צו אָביעקטן 1). מען וועט באלד שטעלן א פראַגע: צי פירט נישט די אינטערעסן־געמיינשאפט אן־און פאר־זיך און אין יעדן ליבידאָ־באציונג, צו דאס דולדן דעם צווייטן און צו איינזען? די דאָזיקע טענה מוז פארענטפערט ווערן מיט דעם, וואָס אויף אזא אופן קומט דאך נישט צושטאנד די בלייבנדיקע באגרענעצטקייט פונם נארציזם, ווייל די דאזיקע טאָלעראַנץ געדויערט נישט לענגער, ווי דער דירעקטער ריוח, וואָס מען האָט פון דער מיטארבעט מיט אן אנדערן. אָבער דער פראַקטישער ווערט פון דער דאָזיקער שטרייט־פראַגע איז אסך קלענער ווי מען מיינט, ווייל די דערפארונג האָט געוויזן, אז אין פאל פון מיטארבעט ווערן איינגעשטעלט רעגלמעסיקע ליבידאָ צוזאמענבונדן צווישן די חברים, וואס פארלענגערן און פיקסירן מער ווי דער ריוח. אין די סאציאלע באציונגען פון מענטשן געשעט דאס זעלבע וואס עס איז באקאנט דער פסיכאָ־אנאליטישער פארשונג אין דעם אנטוויקלונגס־גאנג פון דעם אינדיווידועלן ליבידאָ. דער ליבידאָ שטיצט זיך אויף דער באפרידיקונג פון די גרויסע לעבנס־באדערפענישן און קלייבט אויס די אין זיי באטייליקטע פערזאָנען אלס ערשטע אביעקטן. און פונקט ווי ביים יחיד, אזוי אויך אין דער אנטוויקלונג פון דער גאנצער מענטשהייט האָט נאָר געווירקט דער ליבידאָ אלס קולטור־פאקטאָר אין זין פון א קער פונם עגאָאיזם צו אלטרואיזם. און אזוי אויך. די געשלעכטלעכע ליבע צו דער פרוי

---

1) זע: zur Einfürung des Narzismus 1919. sam- ung kleiner Schriften zur Newrosenlehre, vierte Folge 1918.

צוזאמען מיט אלע פון איר ארויסדרינגנדיקע נויטיק סן. ז שויגט אלץ, וואָס איז אנגענעם דער פרוי, פונקט ווי די דע־ סעקסואליזירטע, סובלימירטע האמאָסעקסועלע ליבע צו אן אנדערן מאנספּערזאָן, וואָס אנטשטייט פון אַ בשותפותדיקער צוזאַ־ מענאַרבעט.

אלזאָ, אויב אין דער מאסע קומען פאר באַגרענעצונגען פון דער נארציסטישער אייגנליבע, וואָס עקזיסטירן נישט מחוץ דער מאסע איז דאָס אן אפלייקנבארער באווייז פון דעם, אז דער מהות פון דער מאסן פארמירונג באשטייט אין נייע זיך־ פארמירנדיקע צוזאמענבונדען פון מאסן-מיטגלידער איינער צום צווייטן.

איצט אבער פרעגט זיך דרינגנדיק, פון וואסער ארט זע־ נען די דאָזיקע צוזאַמענבונדן: אין דער פסיכאָ-אנאליטישער לערע וועגן נעוראָזן האָבן מיר זיך ביז אהער באשעפטיקט מיט דעם צוזאַמענבונד פון אזעלכע ליבע-נייגונגען צו זייערע אָבּ־ יעקטן, וואָס האָבן פארפאלגט דירעקטע סעקסועלע צילן. וועגן אזעלכע סעקסועלע צילן, קען פארשטייט זיך, נישט זיין קיין רייד אין דער מאַסע. דא האבן מיר צוטון מיט ליבע נייגונגען, וועלכע, הגם זיי ווירקן ווי ניקער ענערגיש, שטאַמען זיי דאָך אַפּ פון זייער אורשפרינגלעכע צילן. אין די ראמען פון דער געוויינלעכער סעקסועלער אביעקט-באהעפטונג האָבן מיר שוין באמערקט דערשיינונגען, וואס אַנטשפּרעכן דער אָפּנייגונג פון דער נייגונג פונם סעקסועלן ציל. מיר האָבן דאָס באַשריבן אלס שטופע פון פאַרליבטקייט און אנערקענט, אַז זי ברענגט מיט זיך אַ געוויסע איינשפּאָרונג פונם „איך”. מיר וועלן דאָ לייגן גרויס אויפמערקזאַמקייט אויף די דאָזיקע דערשיינונגען פון פארליבטקייט, האָבנדיק א גרונט צו האָפן, אז מיר וועלן געפינען אין זיי די פארהעלטנישן וואָס קענען איבערגעטראָגן ווערן אויף די צוזאמענבונדן פון דער מאסע. חוץ דעם וואָלטן מיר אליין געוואָלט וויסן, צי דער דאָזיקער ארט פונם באַ־ זיך פון אָבּיעקט, ווי מיר ווייסן דאָס פון געשלעכטס לעבן, שטעלט מיט זיך פאָר דער איינציקער אופן פון געפילס-צוזאַ־

מעגבונג, אָדער צי קענען געגומען ווערן אין באטראַכט נאָך אַנדערע מעכאַניזמען פּאַקטיש. ווייסן מיר פון דעם פּסיכאָ-אַנאַליז, אַז עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע מעכאַניזמען פון גע-פילס-צוזאַמע[illegible], — די אַזוי גערופענע א ד ע נ ט י פ י צ י-ר[illegible] — וואָס זענען נישט גענוג באַקאַנט און שווער צו דערקלערן און וועמעס אויספאָרשונג דערוואַרטעט אונז אויף אַגעוויסע צייט פון דער טעמא מאַסן-פּסיכאָלאָגיע.

# די אידענטיפיצירונג

## VII

די אידענטיפיצירונג איז באַקאַנט אינם פּסיכאָ-אַנאַליז אַלס די פריסטע דערשיינונג פון אַ געפילס-צוזאַמענבונד צו אַן אַנדערער פּערזאָן. זי שפּילט אַראָל אין דער פאָרגעשיכטע פון דעם עדיפּ-קאָמפּלעקס. א קליין יונגל האָט אַ באַזונדערן אינטערעס צו זיין פאָטער, ער וואָלט געוואָלט זיין אַזוי ווי ער, זיין אויף זיין אָרט אין אַלע פאַלן. זאָגן מיר מיט אַ רויק געוויסן: דער פאָטער ווערט זיין אידעאַל. דאָס דאָזיקע פאַרהאַלטן זיך האָט גאָרנישט צו טון מיט א פּאַסיווער אָדער פרויענלעכער שטעלונג צום פאָטער (און צום מאַנספּערזאָן בכלל), דאָס איז אַסך מער אויסשליסלעך מענלעך. עס איז דורכויס אין הסכם מיט דעם עדיפּ-קאָמפּלעקס, וועלכער העלפט אים צוגרייטן. אין דערזעלבער צייט פון דער אידענטיפיצירונג מיטן פאָטער, אָדער עטוואָס שפּעטער, האָט דאָס יונגל אָנגעהויבן באַציען זיך צו דער מוטער ווי צו אַן אָביעקט פון א ווידערשטענדישן טיפּ. ער ווייזט, אלזא, צוויי פּסיכאָלאָגישע צוזאַמענהאַנגען: צו דער מוטער אַ ריינע סעקסועלע אָביעקט-נייגונג, צום

פאָטער אַן אידענטיפיצירונג אלס אידעאַל. די דאָזיקע ביידע
צוזאַמענגעבונדן עקזיסטירן איינער לעבן צווייטן, אָן קעגנזייטי-
קער השפעה אָדער שטערונג. אַלס פועל-יוצא פון דער נישט-
א יפהאַלטנדיקער פראָגרעסירנדיקער אַראיינהייטלעכונג פון
גייסטיקן לעבן, באַגעגנען זיי זיך ענדלעך און דורך דעם דאָ-
זיקן צוזאַמענטרעף אַנטשטייט דער נאָרמאַלער עדיפּ-קאָמפּלעקס.
דער קליינער באַמערקט, אַז דער פאָטער שטייט אויפן וועג
צו זיין מוטער; זיין אידענטיפיצירונג מיט דעם פאָטער נעמט
יעצט אָן א פיינטלעכע ריכטונג און זי ווערט אידענטיש מיט
דעם ווונטש צו פאַרנעמען דעם פאָטערס אָרט אויך ביי דער
מוטער. די אידענטיפיצירונג איז אויך פון אָנהייב אָן אַמבי-
וואַלענט, זי קען זיין אַן אויסדרוק פון צערטלעכקייט, ווי אויך
דער ווונטש צו באַזייטיקן אים. זי פירט זיך אויף ווי אַן אָפּ-
שטאַמונג פון דער ערשטער אָ ר אַ ל ע ר פאַזע פון דער ליבידאָ-
אָרגאַניזאַציע, אין וועלכן זי פאַרקערפּערט דעם באַגערטן און
געשעצטן אָביעקט דורך דער פאַרמיטלונג פון עסן און דערביי
פאַרניכטעט זי אים אלס אַזעלכן. דער קאַניבאַל בלייבט, ווי
באַקאַנט, שטיין אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט; ער האָט ליב
אויפצועסן זיינע שונאים, און ער פרעסט נישט אויף די
יעניקע, וועלכע ער קען ווי-עס-איז אַמאָל ליב האָבן. 1)

דעם גורל פון דער דאָזיקער אידענטיפיצירונג פאַרלירט
מען שפּעטער לייכט אויסן אויג. עס קען דאַן געשען, אַז
דער עדיפּ-קאָמפּלעקס באַקומט דאַן אַ פאַרקערטע ריכטונג, אַז
דער פאָטער ווערט גענומען אין א פרויפל כצר מאָס, ווי אַן
אָביעקט, פון וועלכן די סעקסועלע נייגונגען ווערן אויך זייער

---

1) זיי. „Drei Abhandlungen zur sexualtheorie" und Abraham. „Untersurungen uber die frueste prägenite Entwiklungs der Libido „Inter Zeitschr f. Psycho analyls IY, 1916, auch in dessen klinische Beitrage zur Psychoanalyse". Intern. Psychoanalyt. Bibliotek. Bd. 10, 1921.

באַפרידיקונג. און דאַן ווערט די אידענטיפיצירונג דער פאַר-
לויפער פון דעם צוזאַמענבונד פון אָביעקט צום פאָטער. דאָס
זעלבע גילט אויך ביים פאַל פון די זעלבע באַציונגען פון אַ
קליינע טאָכטער צו אַ מוטער.

עס איז לייכט צו פאָרמולירן דעם אינטערשיד צווישן
אַ"אַ אידענטיפיצירונג פון פאָטער און דער אויסקלייב פון פאָ-
טער אַלס אָביעקט. אין ערשטן פאַל איז דער פאָטער דאָס,
וואָס מען וויל זיין, אין צווייטן — דאָס, וואָס מען וויל
האָבן. עס איז, אַלזאָ, דער אינטערשיד אין דעם, צי דער צו-
זאַמענבונד געפינט דעם סוביעקט אָדער אָביעקט פונם „איך".
דעריבער איז מעגלעך די עקזיסטענץ פון דער ערשטער נאָך
פאַרן אויסוויילן פון א סעקסועלן אביעקט. עס איז זער נישט
לייכט צו שילדערן דעם דאָזיקן אינטערשיד פון מעטא-פסיכאָ-
לאָגישן שטאַנדפונקט. מען דאַרף נאָר אנמערקן, אז די אידענ-
טיפיצירונג שטרעבט נאָר צו דער פאָרמולירונג פון אייגענעם
„איך" לויטן ביישפיל פון אן אנדערן מענטש, וועלכער ווערט
גענומען אלס „אידעאַל".

פון א פאַרפלאָנטערטן צוזאַמענהאַנג נעמען מיר ארויס די
אידענטיפיצירונג ביי אַ נעוראָזישן סימפטאָם-קאָמפלעקס. דאָס
קליינע מיידעלע, וואָס מיר אָבסערווירן איצט, באַקומט דעם
זעלבן ליבידאָ-סימפטאָם ווי איר מוטער, למשל, דעם זעלבן
פיינלעכן הוסט. דאָס קען פאָרקומען אויף פאַרשידענע וועגן. די
אידענטיפיצירונג איז די זעלבע ווי פון דעם עדיפּ-קאָמפלעקס,
וואָס באַטייט דעם פיינטלעכן ווונטש צו פאַרנעמען דאָס אָרט
פון דער מוטער, און דער סימפטאָם איז אַן אויסדרוק פון ליבע
צום פאָטער, ווי צו אַן אָביעקט; זי רעאַליזירט דאָס פאַרנעמען
דער מוטערס אָרט אונטערן איינפלוס פונם שולד באַוווסטזיין:
דו האָסט געוואָלט זיין מוטער, איצט ביזטו עס, ווייניקסטנס
אין די ליידן. דאָס איז דער קאָמפלעטער מעכאַניזם פונם היס-
טערישן סימפטאָם. אָדער, אָט דער סימפטאָם איז דער זעלבער
ווי דער סימפטאָם פון דער געליבטער פּערזאָן (ווי, למשל, דאָרע,
אין Bruchstück einer Hysterieanalyse) מאַכט נאָך דעם הוסט פון

באָטער), דאַן קענען מיר פאַרשטיין דעם מהות פון דער זאַך
אַזוי: די אידענטיפיצירונג האָט פאַרנומען ס׳אָרט
פונם אָביעקט־אויסקלויב. דער אָביעקט אויס־
קלויב איז דעגראַדירט געוואָרן ביז צו אידענטיפי־
צירונג. מיר האָבן געהערט, אַז די אידענטיפיצירונג איז די
פריסטע און אורשפּרינגלעכסטע פאָרם פון געפילס־צוזאַמענבונד.
אין די פאַרהעלטנישן פון דעם סימפּטאָמס אַנטשטייונג, ס׳הייסט,
פון איר אַרויסדרענגונג און ביי דער הערשאַפט פון מעכאַניזם
פונם אומבאַוווסטזיניקן, קומט אָפט פאָר, אַז דער אויסקלויב
פונם אָביעקט ווערט ווידער אַן אידענטיפיצירונג. אַלזאָ, דער
„איך“ נעמט אויף זיך די אייגנשאַפטן פונם אָביעקט. עס איז
באַמערקנסווערט, אַז דער „איך“ קאָפּירט בעת די דאָזיקע אי־
דענטיפיצירונגען אַמאָל די נישט געליבטע, אַמאָל די געליבטע
פערזאָן. עס איז פאַר אונז אויך אויפפאַלנדיק, וואָס ביידע
מאָל איז די אידענטיפיצירונג א טיילווייזע, אַ שטאַרק באַגרעני־
צטע, דערמיט, וואָס זי באָרגט נאָר אַרויס אַן איין איינציקן
שטריך פון דער פערזאָן, וואָס דינט אַלס אָביעקט.

דער דריטער, באַזונדערס אָפטער און וויכטיקער פאַל ביי
דער פאָרמירונג פון סימפּטאָם, איז, ווען די אידענטיפיצירונג
ליגט נישט קיין אכט אויפן אָביעקט־פאַרהעלטניש פון דער קאָ־
פּירטער פערזאָן. ווען, למשל, אַ מיידל אין אַ פּענסיאָנאַט האָט
באַקומען אַבריוו פון איר געהיימען פאַרליבטן, וואָס דערוועקט
ביי איר אייפערזוכט און זי רעאַגירט דערויף מיט אַ היסטערישן
אָנפאַל, וועלן אייניקע פון אירע חברטעס, וואָס ווייסן דערפון,
באַקומען דעמזעלבן אָנפאַל, ווי מיר זאָגן, דורך דער פּסיכישער
אינפעקציע (אַנשטעקונג). דאָ איז פאַראַן דער מעכאַניזם פון
אידענטיפיצירונג, וואָס קומט פאָר אויפן יסוד פון ווונטש אָדער
פון קענען געפונען זיך אין דערזעלבער לאַגע. די אַנדערע
וואָלטן אויך געוואָלט האָבן געהיימע ליבע־באַציונגען און זיי
אַקצעפּטירן אונטערן איינפלוס פון שולד־באַוווסטזיין די דערמיט
פאַרבונדענע ליידן. ס׳וואָלט געווען נישט ריכטיק צו באַהויפּטן,
אַז זיי נעמען פאַר זיך צו דעם דאָזיקן סימפּטאָם אויס מיטגע־

פיל. פאַרקערט, דאָס מיטגעפיל אַנטשטייט ערשט פון דער אידענ-
טיפיצירונג, און דער באַווייז דערצו איז וואָס אַזעלכע אַנשטע-
קונגען אָדער אימיטירונגען קומען פאר אויך אונטער אַזעלכע
אומשטענדן, ווען אפילו די סימפאַטיע איז קלענער פון דער,
וואָס איז פאראן צווישן די פריינדינס אין א פענסיאָנאַט. איין
„איך" האָט דערפילט אַ וויכטיקע אנאלאָגיע אין איין פונקט ביי
אן אַנדערן. — למשל, אין דער גלייכער גרייטקייט צו א גע-
פיל, — עס אַנטשטייט אויף דעם באָדן אַן אידענטיפיצירונג
אין איין פונקט, און אונטערן איינפלוס פון דער פאטאָגענער 1)
סיטואַציע רוקט זיך איבער די אידענטיפיצירונג צום סימפטאָם וואָס
איז פראָדוצירט געוואָרן דורכן „איך", די אידענטיפיצירונג דורכן
סימפטאָם ווערט, אזוי ארום, א סימן פון אַ באַהאַלטן אָרט פאַר
ביידע „איך'ס", וועלכע דאַרפן ארויסגעשטויסן ווערן.

דאָס געלערנטע פון די דאָזיקע דריי קוועלן קענען מיר
צונויפנעמען אזוי: ערשטנס: די אידענטיפיצירונג איז די
אורשפרינגלעכע פאָרם פון אַ געפילס-צוזאַמענבונד, צווייטנס, אַז
זי ווערט אויף אַן אָרעגרעסיווען וועג דער ערזאַץ פון אַ ליבי-
דאָ-אָביעקט-צוזאַמענבונד פונקט ווי דורך אינטראָיעקציע 2) פון
אָביעקט אינם „איך". דריטנס, אז זי קען אנטשטיין ביי יעדער
נייבאַמערקטער געמיינזאַמקייט מיט אַ פערזאָן, וואָס איז נישט
דער אָביעקט פון סעקסועלער נייגונג. וואָס באַטייטנדיקער
ס'איז אָט די געמיינזאַמקייט, אַלץ דערפאָלגרייכער מוז ווערן די
דאָזיקע טיילווייזע אידענטיפיצירונג, און אזוי אויך פאַסט זי זיך
צום אנפאַנג פון א נייעם צוזאַמענבונד.

מיר טראַכטן אפילו, אַז דער קעגנזייטיקער צוזאַמענבונד
פון די מאסן-אינדיווידואומען איז לויט זיין נאַטור אַזאַ אי-
דענטיפיצירונג דורך אוויכטיקער אפעקטיווער-געמיינזאַמקייט,
און מיר קענען זיך משער זיין, אַז די דאָזיקע געמיינזאַמקייט

---

1) קראַנק [illegible]

2) אריינגיסן זיך

באַשטייט אין דעם צוזאַמענבונד מיטן פירער. און אנדערע אַנהאַנג קען אונז זאָגן, אַז מיר זענען חייב דערפון צו האַלטן, אַז די פּראָבלעם פון אידענטיפיצירונג איז מיט דעם אויסגעשעפּט, אַז מיר שטייען פאַר דער פאָדער-טיר פון דעם, וואָס די פּסיכאָ-לאָגיע רופט אָן „אנפילונג", און וואס האָט דעם גרעסטן חלק אין אונזער פאַרשטענדניש פאר דעם פרעמדן „איך" ביי אַנדערע פּערזאָנען. מיר וועלן זיך דאָ באַשרענקן אויף די גאַנצסטע ווירקונגען פון דער אידענטיפיצירונג און לאָזן אין אַ זייט איר באַטייט פאר אונזער אינטעלעקטועל לעבן.

די פּסיכאָ-אַנאַליטישע פאָרשונג, וואָס האָט שוין ביי אַ געלעגנהייט אויך באַרירט די שווערע פּראָבלעמען פון פּסיכאָז, קען אונז אויך ווייזן די אידענטיפיצירונג אין אנדערע פאַלן, וואס זענען נישט פאַרשטענדלעך פאר אונז אָן ווייטערדיקע דער-קלערונגען. צוויי פון די דאָזיקע פאַלן וועל איך אויספירלעך באַהאַנדלען אלס שטאָף פאַר אונזערע ווייטערדיקע באטראַכ-טונגען.

די גענעזיע (שורש) פון דעם מענלעכן האמא סעקסואַליזם איז אין אַ גרויסער ריי פון פאַלן אַזאַ: דער יונגערמאַן איז אַ זייער לאַנגע צייט אינטענסיוו געווען פיקסירט צו זיין מוטער, אין זין פון עדיפּ-קאָמפּלעקס. ענדלעך קומט, נאָך דער סעקסו-עלער רייפקייט, די צייט צו פאַרבייטן די מוטער מיט אַן אַנ-דערן סעקסועלן-אָביעקט. דאָ געשעט אַ פּלוצלינגע ווענדונג: דער יונגער מאַן פאַרלאזט נישט זיין מוטער נאָר אידענטיפי-צירט זיך מיט איר, ער פערוואַנדלט זיך אין איר און ער זוכט יעצט אָביעקטן, וואָס זאָלן פאַרטרעטן זיין „איך", וועלכן ער זאָל קענען אַזוי ליב האָבן און צערטלען, ווי זיין מוטער האָט דאס געטון מיט אים. דאס איז אַן אָפטער פּראָצעס, וואָס קען, באַשטעטיקט ווערן אין יעדן באַליביקן מאָל און איז, נאַטירלעך גאַנץ אומאָפּהענגיק פון וואָסער-עס-איז השערה, וואָס מען מאַכט איבער דער אָרגאַנישער נייגונג און מאָטיוון פון יענער אומגע-ריכטער פאַרוואַנדלונג. אין דער דאָזיקער אידענטיפיצירונג איז אויפפאַלנדיק איר שטאַרקייט. זי פאַרוואַנדלט דעם „איך" אין

אַ העכסט וויכטיקער טייל. זי פֿאַרוואַנדלט אים אין אַ סעקסועלן כאַראַקטער, לויט דעם פּראָטאָטיפּ פֿון דעם ביזאַהעריקן אָב· יעקט. דערביי ווערט פֿאַרלאָזן דער אָביעקט, צי אינגאַנצן, אָדער נאָר אין דעם זין, וואָס ער בלייבט אינם געביט פֿון אומבאַ· וווסטזיניקן — דאָס געהער נישט צו אונזער דיסקוסיע. די אידענטיפֿיצירונג מיט דעם פֿאַרלאָזענעם אָדער פֿאַרלוירענעם אָביעקט אַלס ערזאַץ פֿון דעם זעלבן, די אינטראָיעקציע פֿונם דאָזיקן אָביעקט אינעם „איך“, איז שוין, אַלנפֿאַלס, נישט קיין נייס פֿאַר אונז. אַזאַ פּראָצעס לאָזט זיך געלעגנטלעך אומפּיטלבאַר באַאָבאַכטן ביי אַ קליין קינד. ערשט נישט לאַנג איז אין דער Jnternationale Zeitsch-rift für Psychoanalisy פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַזאַ אָבסערווירונג איבער אַ קינד וואָס האָט זיך געַ· פֿילט אומגליקלעך צוליבן פֿאַרלוסט פֿון אַ קעצעלע, און האָט, נישט קיין סך טראַכטנדיק, דערקלערט אַז עס איז יעצט אַליין אַ קעצעלע און צופּאַסנדיק זיך צו דעם איז עס געקראָכן אויף אַלע פֿיר, נישט געוואָלט עסן ביים טיש א. א. וו. 1)

אַ צווייטן ביישפּיל פֿון אַזאַ אינטראָיעקציע פֿון אָביעקט האָט אונז געגעבן דער אַנאַליז פֿון מעלאַנכאָליע, וועמעס אָפּעקט ציילט צווישן זיינע סיבות דעם רעאַלן אָדער כלומרשטן פֿאַרלוסט פֿונם געליבטן אָביעקט. דער הויפּט־כאַראַקטער פֿון דעם דאָזין פֿאַל איז די גרויזאַמע זעלבסטדערנידערונג פֿון „איך“ צוזאַ· מען מיט דער אומברחמנותדיקער קריטיק און ביטערע זעלבסט· פֿאַרוואַרפֿן. די אַנאַליזן האָבן דערוויזן, אַז די דאָזיקע אומטער· שאַצונגען און פֿאַרוואַרפֿן באַציען זיך אין גרונט אויפֿן אָביעקט און שטעלן מיט זיך פֿאָר די נקמה פֿונם „איך“. „דער שאָטן פֿונם אָביעקט איז געפֿאַלן אויפֿן „איך“, האָב איך געזאָגט אוין

---

1) Markuszewicz: Beitrag zum autistischen Denken bei Kindern. Internationale Zeitschrift für Psychanal... /I, 1. 20.

און אנדער אָרט 1). די איבּערזשיעקציע פוגט אָביעקט זעט זיך ארויס מיט אן איסטערגעווײנלעכער בולטקייט.

די מעלאַנכאָליע ווייזט אבער נאָך עפעס אַנדערש, וואָס קען וויכטיק ווערן פאַר אונזערע שפּעטערדיקע באַטראַכטונגען. זי ווייזט אונז א צעשפּילטן „איך", וואָס איז צעשאָלן אויף צוויי חלקים, פון וועלכע איינער ווילדעוועט קעגן צווייטן. דער אַנדערער חלק איז יענער, וואָס איז פאַרענדערט געוואָרן דורך דער אינטראָיעקציע. דער חלק, וואָס שליסט אין זיך איין דעם פאַרלוירענעם אָביעקט. אָבער אויך דער חלק וואָס ווילדעוועט אַזוי, איז אונז נישט אומבאַקאַנט. ער שליסט אין זיך איין דאָס געוויסן, אַ קריטישע אינסטאַנץ אינם „איך", וואָס פאַרהאַלט זיך קריטיש צום „איך" אויך אין נאָרמאַלע צייטן, אבער קיינמאָל נישט אַזוי אומברחמנותדיק און אַזוי אומגערעכט. מיר האָבן שוין ביי א פריערדיקער געלעגנהייט געמאַכט די השערה, (Narzismus, Traum und Melancholie) אַז פון אונזער „איך" אַנטוויקלט זיך אַזא אינסטאַנץ, וואָס קען זיך אָפּזונדערן און אריינטרעטן אין אַ קאָנפליקט מיט אַן אַנדערן „איך". מיר האָבן דאָס אָנגערופן „איך אידעאַל" און אים צוגעשריבן פונקציעס פון זעלבסט באָאַבאַכטונג, דאָס מאָראַלישע געוויסן, די צענזור פון חלום און די הויפּט ראָל ביים ארויסשטויסן. מיר האָבן געזאָגט, אַז עס איז דער יורש פון אורשפּרינגלעכן נאַרציזם, אין וועלכן עס האָט זיין זעלבסט-באַפרידיקונג דער קינדישער „איך". שטופנווייז נעמט ער ביי די איינפלוסן פון דער סביבה די פאָדערונגען, וועלכע די סביבה שטעלט דעם „איך" און וועלכע דער „איך" קען נישט שטענדיק נאָכקומען, אַזוי איז דער מענטש, ווען ער קען נישט זיין צופרידן מיט זיין אייגענעם „איך", קען ער געפינען זיין באַפרידיקונג פון דעם איך-דיפערענצירטן „איך אידעאַל". ווייטער האָבן מיר פעסטגע

2) Trauer und Melancholie, Sammlung kleiner Schriften zur Neurosen lehre, IV, Folge, 19 8.

שטעלט, זאָ אינם פּשוּף־פלאָנטער פון באַאָבאַכטונג ווערט באַ־
שיינפערלעך דער צוּפאַל פון דער דאָזיקער אינסטאַנץ און
דערביי ווערט אַנטדעקט איר אָפּשטאַמונג: די איינפלוסן פון
די אויטאָריטעטן. קודם־כּל פון די עלטערן 1) מיר האָבן אָבער
נישט פערגעסן אָנצוּווייזן, אַז די מאָס צווישן דער ווייטקייט
פון דאָזיקן „איך אידעאַל" און דעם אקטועלן איך וואַריאירט
זיך ביי יעדן איינציקן אינדיווידואום, און ביי אַ סך דערגייט
די דאָזיקע דיפערענצירונג פונם „איך" ניט ווייטער, ווי ביי
אַ קינד.

אָבער איידער מיר וועלן אָנווענדן דעם דאָזיקן מאָטע יאָל
כּדי צוּ פאַרשטיין די ליבידאָ־ארגאַניזאציע פון א מאסע, מוזן
מיר נעמען אין אכט איניקע אנדערע וועקסלנדיקע באַציִונגען
צווישן אָביעקט און „איך". 1).

---

1) Zur Einfürung des Narzissmus 1. c

2) מיר ווייסן גאנץ גוט, אז מיט די דאזיקע ביישפילן, גענומען פון
דער פּאַטאלאגיע, האבן מיר נאך נישט אויסגעשעפּט דעם מהות פון דער אידענ־
טיפיצירונג און אזוי ארום נישט באריהרט נאך דעם רעטעניש פון דער אנטשטיי־
ונג פון דער מאסע. דא מוז מען אונטערנעמען א גרונטלעכערן און גרונטע־
מנדיקן פּסיכאלאגישן אנאליז. פון דער אידענטיפיצירונג פירט א וועג, דורכן
נאַכמאַכן, צו דער „איינפילונג", ד־ה צו דער פארשטענדניש פון מעכאניזם, דורך
וועלכן עס ווערט אונז איבערהויפּט מעגלעך צו נעמען א שטעלונג צום גייס־
טיקן לעבן פון אן אנדערן מענטש. אויך וועגן די דערשיינונגען פון א פּארא־
ענער אידענטיפיצירונג איז נאך דא א סך אויפצוקלערן. צווישן אנדערן אין
איר פועל יוצא, וואס מען באגרעניצט די אגרעסיע קעגן א פערזאָן מיט וועל־
כער מען האט זיך אידענטיפיצירט, מען שוינט זי און מען העלפט איר ארויס.
דאס שטודירן אזעלכע אידענטיפיצירונגען, וואס זענען, למשל, דער יסוד ביי
די קלאן־(שבט) געמיינשאפטן, האט געגעבן Robertson Smith דעם איבערראשנדיק
רעזולטאט, אז זיי שטיצן זיך אויף דער אנערקענונג פון א געמיינזאמער באַ־
שטאנד 1885 Marriage and Kinship פון דעריבער קענען זיי געפינ

## VIII

# פאַרליבטקייט און היפנאָז.

דער געברויך פון דער שפראך בלייבט אפילו אין אירע קאַפריזן געטריי עפּעס אַווירקלעכקייט. אזוי רופט זי אָן „לי- בע" די פילפאכיקע געפיל-געדאנקען, וועלכע מיר פאסן אויך אויף טעאָרעטיש אלס ליבע, אָבער זי צווייפלט באלט, צי די דאָזיקע ליבע איז די אייגנטלעכע, ריכטיקע, אמתע, און אזוי ארום ווייזט זי אָן אויף אַ גאנצער שטופן-לייטער פון מעגלעכ- קייטן אין די ליבע פענאמענס. עס וועט אונז אויך נישט שווער זיין אויסצוגעפונען אין דער באַאָבאכטונג די דאָזיקע שטופן-לייטער.

אין אַ ריי פאלן איז די פאַרליבטקייט נישט אנדערש ווי דאָס געפונען אַן אָביעקט מצד דער סעקסועלער נייגונג פארן צוועק פון דירעקטער סעקסועלער באַפרידיקונג, און די דאָזיקע פאַ-ליבטקייט פאַרשווינדט צוזאַמען מיטן דערגרייכן פונם דאָזיקן ציל; דאָס איז דאָס, וואָס מ'רופט אַן פשוטע, זינלעכע ליבע. אָבער, ווי באַקאַנט, בלייבט די ליבידאָ-סיטואַציע זעלטן אזוי איינ- פאַך. די זיכערקייט מיט וועלכער מען קען רעכענען אויף דעם ווידער- דערוואַכן פון דער נאָר-וואָס פערלאָשענער באדערפעניש, האָט גע-

---

ווערך א געמיינזאמער גענומענער מאלציים. דער דאזיקער שטריך ווערלדוינפ פארבונדן אזא אידענטיפיצירונג מיט דער פון מיר אין „Totem und Tabu" קאָנסטרויִרטער אור-געשיכטע פון דער מענטשלעכער פאמיליע

מוזט זיין דער צווייטער מאָטיוו, צו פיקן אַ דויערהאַפטיקע גע-מגנג צום סעקסועלן אָביעקט, און אויך צו „ליבן“ אים אין דער פון ליידנשאַפט פרייער צווישנצייט.

פון דער נייער מערקווירדיקער אַנטוויקלונגס-געשיכטע פון דעם מענטשלעכן ליבע-לעבן דרינגט אַרויס אַ צווייטער מאָמענט. דאָס קינד האָט אין דער ערשטער אָפּגעשלאָסענער פּאַזע, ס'רוב נאָך פינף יאָר, געפונען זיין ליבע אָביעקט אין איינעם פון זיינע עלטערן, אויף וועלכן ס'האָבן זיך פאַרייניקט אַלע זיינע סעקסועלע אינסטינקטן, וואָס פאָדערן אַ באַפרידיקונג. די באַ-פרידיקונג, וואָס קומט דאַן שפּעטער, צווינגט דעם קינד אָפּצו-זאָגן זיך פון דעם חוב פון די קינדישע סעקסועלע צילן און לאָזט איבער אַ טיף גייענדיקע מאָדיפיצירונג פון די פּאַר-העלטנישן צו די עלטערן.

דאָס קינד בלייבט ווייטער צוגעבונדן צו די עלטערן, אָבער מיט אינסטינקטן, וואָס מען מוז אָנרופן „ציל געהאַמעוועט“. די געפילן, וואָס עס פילט פון דעמאָלט אָן פאַר די דאָ-ויקע געליבטע פּערזאָנען, ווערן באַצייכנט אַלס „צערטלעכע“. עס איז באַקאַנט, אַז אין געביט פון אומבאַוווסטזיניקן בלייבן מער אָדער ווייניקער באַהאַלטן די פריערדיקע „זינלעכע“ שטרע-בונגען, אַזוי אַז דער אורשפּרינגלעכער שטראָם בלייבט ווייטער אין אַ געוויסן זין. 1)

צוזאַמען מיט דער סעקסועלער רייפקייט אַנטוויקלען זיך, ווי באַקאַנט, נייע זייער אינטענסיווע שטרעבונגען כדי צו דער-גרייכן דירעקטע סעקסועלע צילן. אין אומגינסטיקן פאַל בלייבן זיי אָפּגעטיילט אַלס זינלעכע שטרעמונגען פון די דויערהאַפטיקע „צערטלעכע“ געפיל-ריכטונגען. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ בילד, וועמעס ביידע זייטן ווערן מיט גרויס חשק אידעאַליזירט פון געוויסע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור. דער מאַנספּערזאָן ווייזט שווערמערישע נייגונגען צו הויכגעאַכטעטע פרויען, וואָס רייצן

---

1) זע: Sexualtheorie. l. c.

אים אָבער נישט צו אַ ליבע-פּאַרקער, און ער איז נאָר סאָ-
טענט אין באַצוג צו אגדערע פרויען, וואָס ער „ליבט" זיי
נישט, שעצט זיי גרינג, אדער פאראכטעט זיי גאר. 2) אָבער
עפּטערס געלונגט דעם יונגענמאַן אַ געווויסע מאָס פון אַ סינטעזע
צווישן דער נישט זינלעכער הימלישער און דער זינלעכער,
ערדישער ליבע, און זיין פאַרד-העלטניש צום סעקסועלן אביעקט
כאַראַקטעריזירט זיך מיט דעם צוזאמענווירקן פון די נישט גע-
האמעוועטע און ציל-געהאַמעוועטע אינסטינקטן. לויטן סכום פון
די ציל-געהאַמעוועטע צערטלעכקייט-נייגונגען קען מען מעסטן די
הויך פון דער פארליבטקייט אין קעגנזאַץ צו די בלויזע זינ-
לעכע באַגערן.

אין די ראַמען פון אָט דער פאַרליבטקייט, וואַרפט זיך
אונז גלייך אין די אויגן דער פענאָמען פון דער סעקסועלער
איבערשאַצונג, דער פאַקט, וואָס דער געליבטער אָביעקט ליגט
נישט אונטער דער קריטיק, וואָס אַלע זיינע אייגנשאַפטן ווערן
העכער געשעצט ווי די אייגנשאַפטן פון נישט געליבטע פער-
זאָנען, אָדער אין דער צייט, ווען דערזעלבער אָביעקט ווערט
נישט געליבט. ביי אַ ווירקזאַמער ארויסשטויסונג אָדער אונטערדריקונג
פון די זינלעכע שטרעבונגען באַקומט זיך די פאַלשע איינבילדונג, אַז
דער אָביעקט ווערט אויך זינלעך געליבט צוליב זיינע גייסטיקע
מעלות, בעת ס'איז גאָר פאַרקערט; ערשט דאָס זינלעכע וויל-
געפעלן האָט אים באַשאָנקען מיט די דאָזיקע מעלות.

די שטרעבונג, וואָס פעלשט דאָ דעם אורטייל, הייסט א י-
ד ע אַ ל י ז י ר ו נ ג. אַ דאַנק דעם איז אונז פאַרלייכטערט די
אָריענטאַציע; מיר באַמערקן, אַז דער אָביעקט ווערט באהאנדלט
פונקט ווי דער אייגענער „איך", דאָס הייסט, אלזאָ, אַז בעת
דער פאַרליבטקייט גיסט זיך איבער אויפן אָביעקט אַ גרעסערע
מאָס פון נאַרציסטישן ליבידאָ. ביי מאַנכע פאַלן פון דעם ליבע

2) über die allgemeinste Erniderigung des Libes-leben Sammlung, 4 Folge, 1918.

וויסוזאַל וועט עס אַפילו באַשיינפּערלעך, אַז דער אָביעקט דינט צו דעם, אַז ער זאָל פאַרטרעטן דאָס אָרט פון אַן אייגענעם, נישט דערגרייכטן „איך"-אידעאַל". מען ליבט אים צוליב די פולקאָמענקייטן, וואָס מען האָט געשטרעבט פאַרן אייגענעם איך און וועלכע מען האָט זיך געקענט פאַרשאַפן אויפן דאָזיקן אומוועג פאַר דער באַפרידיקונג פון זיין נאַרציזם.

אויב די סעקסועלע איבערשאַצונג און די פאַרליבטקייט ווערן נאָך שטאַרקער, ווערט די קלאָרקייט פונם בילד נאָך מער צווייפלהאַפטער. די שטרעבונגען וואָס זענען געווענדעט אויף אַ דירעקטער סעקסועלער באַפרייונג, קענען איצט נאָך אינגאַנצן צוריקגעשטויסן ווערן, ווי ס'געשעט, למשל, רעגלמעסיק ביי דער טרומערישער ליבע פון יוגנטלעכן; דער איך ווערט וואָס אַמאָל פאַדערונגס-לאָזער, באַשיידענער, דער אָביעקט — גרויסאַרטיקער, ווערטפולער; ער באַהערשט, ענדלעך, די גאַנצע אייגנליבע פונם „איך", אַזוי אַז זיין זעלבסט-אָפּערונג ווערט אַ נאַטירלעכע קאָנסעקווענץ.

דער אָביעקט האָט, אַזוי צו זאָגן, פאַרצערט דעם איך. אין יעדן פאַל פון פאַרליבטקייט זענען פאַראַן שטריכן פון אונטערטעניקייט. באַשרענקונג פון נאַרציזם, זעלבסט-שאָדן, אין עקסטרעמע פאַלן ווערן זיי גאָר געהעכערט, און בלייבן הערשנדיק אַ דאַנק דער אַרויסשטויסונג פון די זינלעכע פאָדערונגען.

דאָס איז באַזונדערס לייכט אין פאַל פון אַן אומגליקלעכער נישט דערפילטער ליבע, ווייל נאָך יעדער סעקסועלער באַפרידיקונג קומט פאַר אַ ירידה פון דער סעקסועלער איבערשאַצונג. גלייכצייטיק מיט דער דאָזיקער „איבערגעגעבנקייט" פון דעם איך צום אָביעקט, וואָס שיידט זיך נישט אונטער פון דער סובלימירטער איבערגעגעבנקייט צו אַן אַבסטראַקטער אידיי, הערן אינגאַנצן אויף די פונקציעס, וואָס געהערן דעם „איך-אידעאַל", עס שווייגט די קריטיק, וואָס נייגט אַרויס פון דער דאָזיקער אינסטאַנץ, אַלץ וואָס דער אָביעקט טוט און פאָדערט, איז ריכטיק און פיין. דאָס געוויסן ווערט נישט אָנגעווענדעט אויף דעם אַלעם, וואָס ווערט געטון צוליב דעם אָביעקט. אין דער ליבע-פאַרבלענדונג

וועט דער מענטש א תרטה-לאָזער פאַרברעכער. די סיטואַציע לאָזט זיך פאָרמולירן אַזוי: דער אָביעקט האָט פאַרנומען ס׳אָרט פונם איך.

ס׳איז לייכט צו שילדערן דעם אונטערשיד צווישן אידענטיפיצירונג און דער פאַרליבטקייט אין אירע העכסטע דערשיינונגען וואָס הייסן פאַסצינאַציע, קנעכטישע אָנטערטעניקייט. אין ערשטן פאַל האָט זיך דער איך באַרייכערט מיט די אייגנשאַפטן פונם אָביעקט, זיך „אינטראָאיצירט" אין זיי, לויט Ferenczei's אויסדרוק; אין צווייטן פאַל איז ער פאַראָרימט געוואָרן. האָט זיך מקריב געווען פאַרן אָביעקט, אים געשטעלט אויפן אָרט פון זיינע וויכטיקסטע באַשטאַנד-טיילן. ביי אַ נענטערע באַטראַכטונג באַמערקט מען אָבער באַלד, אַז אַזאַ שילדערונג שאַפט סתירות, וואָס זענען גאָרנישט בנמצא. עקאָנאָמיש האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן באַרייכערונג אָדער פאַראָרעמונג; מען קען אויך באַשרייבן די עקסטרעמע פאַרליבטקייט, אַזוי אַז דער איך האָט זיך אי-טראָאיצירט דעם אָביעקט.

אפשר וועט אַן אַנדערער אונטערשיד אַרומנעמען דעם מהות פון דער זאַך. אין פאַל פון אידענטיפיצירונג איז פאַרלוירן געגאַנגען דער אָביעקט. אָדער מען האָט זיך פון אים אָפּגעזאָגט; ער ווערט דאַן אויפגעריכט אינעם איך, דער איך פאַרענדערט זיך טיילווייז לויט דעם פּראָטאָטיפּ פונם פאַרלוירענעם אָביעקט. אין צווייטן פאַל איז דער אָביעקט געבליבן אָפּגעהיטן און ער ווערט אַלס אַזעלכער איבערגעשאַצט מצד דעם איך און אויף זיין. דעם „איך"ס, חשבון. אָבער אויך בנוגע דעם אנטשטייט אַ ספק, צי איז עס אַ זיכערע זאַך, אַז די אידענטיפיצירונג איז אַ תנאי פון אָפּזאָגן זיך פון אָביעקט-באַזיץ, צי קען נישט זיין אידענטיפיצירונג ביי דעם אויפגעהיטענעם אָביעקט? אָבער איידער מיר לאָזן זיך אַריין אין אַ דיסקוסיע וועגן דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער פראַגע, קען ביי אונז אויפשיינען אַ געדאַנק, אַז אַן אַנדערע אַלטערנאַטיווע אַנטהאַלט אין זיך דאָס וועזן פון דער דאָזיקער זאַך-לאַגע, נעמלעך: צי פאַר-

נעמט דער אָביעקט דאָס אָרט פון „איך־אָדער פון „איך אידעאל".

פון דער פּאַרליבטקייט איז, ווארשיינלעך, נישט ווייט צום היפּנאָז. די אנאלאגיע צווישן זיי ביידע ווארפט זיך אין די אויגן. די זעלבע אונטערטעניקייט, דאָס אונטערגעבן זיך, קריטיקלאָזיקייט אין באַצוג צום היפּנאָטיזירער, ווי אויך בנוגע דעם געליבטן אפעקט. דערזעלבער דוחק פון אייגענער איניציאַטיווע; ס'איז נישט קיין ספק: דער היפּנאָטיזירער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פונם „איך-אידעאל". די אלע פאַרהעלטנישן זענען אינם היפּנאָז נאך בולטער און שטאַרקער. און ווי אז עס וואָלט געווען צוועקמעסיקער צו דערקלערן די פאַרליבטקייט מיט דער הילף פונם היפּנאָז, ישט פאַרקערט. דער היפּנאָטיזירער איז דער איינציקער אָביעקט, קיין אנדערער ווערט נישט געגומען אין אכט צוזאמען מיט א ם. דאָס, וואָס דער איך לעבט אדורך אין חלום, וואָס ער פאָדערט און באַפעלט, דערמאָנט אונז, אז מיר האָבן פארגעסן צו רעכענען צווישן די פונקציעס פונם איך-אידעאל, אויך די פּרווון פון דער רעאַליטעט 1). ס'איז נישט קיין ווונדער, וואָס דער איך האלט אלס רעאל יעדע עמפינדונג, אויב נאָר די פּסיכישע אינסטאנץ, וואָס האָט זיך פריער באשעפטיקט מיט די פּרווון פון דער רעאַליטעט, פאַרנעמט דאָס אָרט פון דער דאזיקער רעאַליטעט. דאָס פולע פעלן פון שטעבונגען מיט אומגעהאמטע סעקסועלע צילן העלפט צו דער עקסטרעמער ריינקייט פון דערשיינונגען. די היפּנאָטישע באַציונג איז אַ נישט געבונדענע פאַרליבטע איבערגעגעבנקייט מיט דער אויסשליסונג פון סעקסועלער באַפרידיקונג, בעת ביי דער פאַרליבטקייט ווערט זי צייטווייליק אָפּגעלייגט און פאַרבלייבט ווייטער אויפן אונטערשטן פּלאַן אלס אַ שפּעטערדיקע ציל-מעגלעכקייט.

---

1) Metapsychologishe Ergänzung zur Traumlehre, Sammlung kleiner Schriften zur Neurosenlehre, Vierte Folge. 1923

פון דער צווייטער זייט אָבער, קענען מיר אויך זאָגן, אַז די היפּנאָטישע באַציִונגען זענען — אויב ס'איז דורכלאָזבאַר אַזאַ אויסדרוק — אַ מאַסע-פאַרמירונג פון צוויי מענטשן. דער היפּ־נאָז איז נישט קיין גרעסער פאַרמירונגס-אָביעקט מיט דער מאַסע, ווייל גיכער איז ער אידענטיש מיט איר. ער איזאָלירט פון דעם קאָמפּליצירטן באַשטאַנד פון דער מאַסע איין עלעמענט: דאָס פאַרהאַלטן זיך פונם מאַסן-יחיד צום פירער. מיט דער דאָזיקער אונטערשטרייכונג פון דער צאָל שיידט זיך אונטער דער היפּנאָז פון דער מאַסע, ווי ער שיידט זיך אונטער פון דער פאַרליבט־קייט דורך פעלן פון ריין סעקסועלע שטרעבונגען: ער איז דער מיטל-וועג צווישן זיי ביידע.

ס'איז אינטערעסאַנט צו זען, אַז דוקא די ציל-געהעמט־ע סעקסועלע שטרעבונגען שאַפן דויערהאַפטיקע צוזאַמענ־בונדן צווישן די מענטשן: דאָס פאַרשטייט מען לייכט פון דעם פאַקט, וואָס די דאָזיקע שטרעבונגען זענען נישט פעיק אויף אַ פולקאָמער באַפרידיקונג, בעת די נישט-געהאַמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען ליידן אָן אויסערגעוויינלעכע דערנידערונג, יעדעס מאָל נאָכן דערגרייכן דעם סעקסועלן ציל.

די זינלעכע ליבע איז באַשערט צו שטילן זיך אין דער באַפרידיקונג. כדי זי זאָל ווייטער געדויערן, מוז זי פון אָנהייב אָן פאַרטרעטן ווערן דורך ריין צערטלעכע, ד. ה. ציל-געהעמטע קאָמפּאָנענטן אָדער באַזיצן עפּעס ענלעכס.

דער היפּנאָז וועט אונז לייכט לייזן דאָס רעטעניש פון דער ליבידא קאָנסטיטוציע, אויב ער גופא וואָלט נישט געהאַט אין זיך אַזעלכע שטריכן, וואָס בינדן זיך נישט אריין אין דער ביזאַהעריקער ראַציאָנעלער דערקלערונג — ווי אַ פאַרליבטקייט מיט דער אויסשליסונג פון דירעקטע סעקסועלע שטרעבונגען. אין אים איז נאָך פאַראַן אַ סך וואָס איז אומפאַרשטענדלעך. מיסטיש. ער אנטהאַלט אַ צומיש פון געליימטקייט, וואָס

דרינגט אַרויס פון דער פאַרהעלטעניש פונעם שטאַרקן צום שוואַכן, הילפלאָזן, וואָס איז אַן איבערגאַנג צום היפּנאָז, וועלכער ווערט אַרויסגערופן ביי חיות צוליב שרעק. דער אופן, ווי־אַזוי עס ווערט אַרויסגערופן דער היפּנאָז, זיין באַציונג צום שלאָף איז נישט קלאָר, און דער רעטענישהאַפטער אויסקלייב פון פּערזאָנען, וואָס זענען צוגעפּאַסט צו אים, ווייזט־אָן אויף אַן אומבאַקאַנטן מאָמענט, וואָס ווערט אין אים פאַרווירקלעכט און וואָס מאַכט אפשר מעגלעך די ריינהייט פון די ליבידאָ־איינגעשטעלונגען. עס איז אויך באַמערקנסווערט, אַז אָפט קען דער מאָראַלער געוויסן פון דער היפּנאָטיזירטער פּערזאָן ווייזן אַ ווידערשטאַנד אפילו ביי אַ פולקאָמער סוגעסטיאָנירטער נאָכגיביקייט. אָבער דאָס קאָן פאָרקומען דערפאַר, ווייל ביים היפּנאָז, ווי דאָס ווערט געטון אין ס'רוב פאַלן, קען בלייבן אַ וויסן, אַז דאָ האַנדלט זיך נאָר וועגן אַ שפּיל, אַ נישט־ריכטיקע רעפּראָדוקציע פון אַן אַנדערער, ווייט־לעבנס־וויכטיקער סיטואַציע.

אַ דאַנק די ביז איצטיקע באַטראַכטונגען זענען מיר פולקאָם צוגעגרייט אָנצוצייכענען אַ פאָרמול פון דער ליבידאָ־קאָנסטיטוציע פון דער מאַסע, ווייניקסטנס פון אַזאַ מאַסע, ווי מיר האָבן זי באַטראַכט ביז איצט, אַזאַ, וואָס האָט, אַלזאָ, אַ פירער און וואָס האָט נישט געקענט באַקומען אַ צווייטן מאָל אַ צו־גרויסע „אָרגאַניזירטקייט", די אייגנשאַפטן פון אינדיווידואום. אַזאַ אורשפּרינגלעכע מאַסע איז אַ צאָל פון אינדיווידו־מען, וואָס האָבן אוועקגעשטעלט איינעם און דעם־זעלבן אָביעקט אויפן אָרט פון זייער „איך־אידעאַל" און צוליב דעם אידענטיפיצירן זיי זיך איינער מיטן צווייטן אין זייער „איך". די דאָזיקע פאַרהעלטעניש לאָזט זיך פאַרשטעלן אויף אַ גראַפישן אופן אַזוי:

## טז.

## דער סטאַדע אינסטינקט.

מיר וועלן זיך נאָר פרייען אַ קורצע צייט מיט דער אַי־לוזיע, אַז דורך דער דאָזיקער פאָרמול האָבן מיר פּלומרשט גע־לייזט דעם רעטעניש וועגן מאַסע. באַלד מוז אונז באַאומרואיקן דער געדאַנק, אַז מיר האָבן זיך, ווענדנדיק, פאַררופן אויף דעם רעטעניש פון היפּנאָז אין וועלכן עס איז פאַראַן נאָך אַ סך נישט דערליידיקטע פּונקטן, און דאַן ווייזט אונז אַן אנדערע טענה דעם ווייטערדיקן וועג.

מיר דאַרפן צו זיך זאָגן, אַז די פיל אפעקטיווע צוזאַמענ־בונדן, וואָס מיר באַמערקן אין דער מאסע, זענען גענוג כדי צו דערקלערן איינע פון אירע כאראקטעריסטישע שטריכן: דער מאנגעל אין זעלבסשטענדיקייט און איניציאטיוו ביים יחיד, די גלייכארטיקייט פון זיין רעאקציע מיט אלע אנדערע, זיין דערני־דערונג, אַזוי צו זאָגן, צום מאַסן־אינדיווידואום. אָבער די מאַ־סע ווייזט אויף עפּעס מער, ווען מיר באטראכטן זי אלס גאנצעס.

די שטריכן פון אָפּשוואַכונג פון אינטעלעקטועלער טעטי־קייט, די געהאַמעוועטע אפעקטיוויטעט, די אומפעיקייט צו מעסי־קונג און צו אָפּלייגן, די נייגונג איבערצוטרעטן אַלע גרענעצן

אין די געפילס-אויסדרוקן. און די נייגונג צו א פולן איבער-גאנג פון דידאַזיקע אויסדרוקן אין מעשים — דאָס אַלץ און ענלעכעס, וואָס ווערט אַזוי איינדרוקספול געשילדערט ביי לע-באָנען — שאַפט א נישט אָפּלייקנבאַר בילד פון רעגרעסיע פון דער גייסטיקער סעטיקייט, וואָס געפינט זיך אויף א פריערדי-קער שטופע. און מיר געפונען דאָסזעלבע, נישט ווערנדיק פאר-חידושט, ביי די ווילדע מענטשן אָדער קינדער. אזא רעגרעסיע איז באזונדערס אן אייגנשאַפט פון דער פשוטער מאסע, בעת ביי אַ הויך-אָרגאניזירטער, קינסטלעכער-מאַסע קען זי, ווי מיר האָבן געהערט, נישט גיין צו ווייט.

אַזוי אַרום באַקומען מיר אן איינדרוק פון א צושטאנד, אין וועלכן עס זענען צו-שטארק די איינצעלנע געפילס-נייגונגען און דער פערזענלעכער אינטעלעקטועלער אקט, אזוי אז זיי זאָלן זיך אליין באַווייזן, און זיי מוזן דורכאויס ווארטן אויף פארשטארקונג דורך א גלייכארטיקער איבערחזרונג מצד אנדערע. מיר וועלן דערמאנען וויפיל פון די פענאמענס פון אפהענגי-קייט געהערן צו דער נאָרמאל־ער קאָנסטרוקציע פון דער מענ-טשלעכער געזעלשאפט, ווי ווייניק עס געפינט זיך אין איר אָריגינעל-קייט, פערזענלעכער מוט, ווי שטאַרק יעדער איינצעלנער מענטש גע-פינט זיך אין דער מאכט פון די באשטימונגען פון דער מאסן-נשמה, וואָס אַנטפּלעקן זיך אַלס ראַסן-אייגנאַרטיקייטן, פּראָפעס-יאָנעלער פאַראורטייל, עפנטלעכע מיינונג א.ד.גל. דער רעטעניש פון דעם סוגעסטיאָנירטן איינפלוס ווערט נאָך גרעסער, ווען מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז ער ווערט אויסגעפּרווט נישט נאָר דורכן פירער, נאָר אויך דורך יעדן איינצלנעם. און מיר מאכן זיך אַ פאָרוואורף, אַז מיר האָבן איינזייטיק געשילדערט די באַציונג צום פירער, נישט געבנדיק קיין אכט אויפן אַנדערן פאַקטאָר פון קעגנזייטיקער סוגעסטיע.

זייענדיק אזוי ארום אָנגעוויזן אויף באַשיידנקייט, זענען מיר גענייגט צוצוהערן זיך צו אן אנדער־ער שטים, וואָס זאָגט אונז צו אַ דערקלערונג אויף די איינפאַכסטע גרונט-יסודות. אזא דערקלערונג נעם איך פון W, Trotter's קלוג בוך וועגן סטאַדע-

אינסטינקט, און איך באַדויערט נאָר, וואָס עס האָט נישט אײנ-גאַנצן אויסגעמיטן די אַנטיפּאַטיע, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער לעצטער גרויסער מלחמה.1)

טראָטטער איז ביי דער מיינונג, אַז די אַלע צוגעשרי-בענע גײַסטיקע פענאָמענס ביי דער מאַסע דרינגן אַרויס פון דעם סטאַדע אינסטינקט (gregariousnesss) וועלכער דערשיינען צלעם איינגעבוירענע אַזוי ווי ביי מענטשן, אַזוי אויך ווי ביי בעלי-חיים. די דאָזיקע סטאַדישקייט איז ביאָלאָגיש ... אַנאַלאָגיע און אויך ווי אַ פאַרזעצונג פון דער פיל-צעלי-קייט; לויטן זין פון דער ליבידא-טעאָריע איז זי אַ ווייטערער אויסדרוק פון דער לבידא ארויסגייענדיקער נייגינג פון אלע גלייכארטיקע לעבעדיקע וועזנס זיך צו פארייניקן צו וואָס-אַמאָל מער ארומנעמענדיקער איינהייטן.2) דער איינצעלנער מענטש פילט זיך נישט פולקאָם (incomplete), ווען ער איז אַליין. שוין די אַנגסט פון אַ קליין קינד איז דער אויסדרוק פון סטאדע-אינ-סטינקט. דער ווידערשפרוך קעגן דער סטאדע באשטייט אין דעם אָפּטייקן זיך פון איר און דאָס ווערט דעריבער מיט מורא אויסגעמיטן. די סטאדע אָבער ווארפט אָפּ יעדע נייע, נישט-גע-וואוינטע זאַך. דער סטאדע אינסטינקט איז עטוואָס אורשפּרינגלע-כעס וואָס קען זיך ווייטער נישט אויפלייזן (which cannot be Trotter split up) רעכנט אויס אַ רייע פון נייגונגען (אָדער אינ-סטינקטן), וואָס ער האַלט פאַר אורשפּרינגלעכע:

דער אינסטינקט פון זעלבסט-דערהאַלטונג, דערנידערונג און געשלעכטלעכקייט פון דער סטאדע. דער לעצ-טער אינסטינקט פאַלט אָפט אַריין אין אַ לאַגע, וואָס שטעלט זיך אַקעגן די איבעריקע אינסטינקט. שולד-באוואוסטזיין און פליכט גיפיל זענען די כאַראַקטעריסטישע באזיצן פון אַ gre-

1) W. Trotter: Instinct of the Herd in Peace and War, London, 1916.

2) זע מיין ארבעט Jenseits des Lustprinzip. Beiheft zur Internationaler Zeitschrift für Psychoanalyse, VI. 1920.

1) gregarious animal. פון סטאַדע־אינסטינקט גייען ז רויס לויט Trotter, די אַרויסדרענגנדיקע כוחות, וואָס דער פּסיכאָ־אַנאַליז האָט אַנטדעקט אין „איך“, און פאָלגלעך, אויך דער ווידערשטאַנד, אויף וועלכן דער דאָקטער טרעפט אָן בעתן פּסיכאָ־אַנאַליטישן דהיילן. די שפּראַך פאַרדאַנקט איר באַטייט דער פעיקייט צו א קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג אין דער סטאַדע, אויף איר שטיצט זיך הויפּטזעכלעך די אידענטיפיצירונג פון די איינצעלנע מענטשן איינער מיטן צווייטן.

אזוי ווי לעבאָן האָט אין מיטל־פּונקט פון זיין אויפמערקזאַמקייט געשטעלט איבערוויגנד די כאַראַקטעריסטישע נישט־דויערהאַפטיקע מאַסע און Mc Dougall — די סטאַבילע געזעלשאַפטן, פונקט אזוי האָט Trotter געלייגט אויפמערקזאַמקייט אויף די אַלגעמיינסטע פאַרבינדונגען, אין וועלכע דער מענטש, דער לייב פון די פּאָליטיקער 2) לעבט, און זיי געגעבן אַ פּסיכאָלאָגישע באַגרינדונג: Trotter דאַרף אָבער נישט זוכן דעם סוד פון סטאַדע־אינסטינקט, ווייל ער באַצייכנט אים אלס אורשפּרינגלעך און נישט מער אויפלייזבאַר. זיין באַמערקונג, אַז Boris Sidis האַלט דעם סטאַדע־אינסטינקט אלס אַ אָפּשטאַמענדיקן פון סוגעסטיאָנירבאַרקייט, איז, צו זיין גליק, איבעריפליסיק; דאָס איז אַ דערקלערונג לויטן באַקאַנטן אומבאַפרידיקטן מוסטער; און די פאַרקערטע הנחה, ד. ה. אז די סוגעסטיאָנירבאַרקייט שטאַמט אָפּ פון סטאַדע־אינסטינקט, ווייזט זיך מיר אויס צו זיין מער וואַרשיינלעכער.

אָבער קעגן Trotter's שילדערונג קען מען טענהען מיט מער רעכט, ווי קעגן אַנדערע; טענהען, פאַר וואָס זי לייגט צו ווייניק אכט אויף דער ראָל פון פירער אין דער מאַסע נעת מיר זענען גיכער געניגט צום קעגנזעצלעכן אורטייל.

---

1) סטאַדע־חיה.

2) אין אריגינאל אין גריכיש.

אז מ'קען נישט פארשטיין דעם מהות פון דער מאסע, ווען מען פארנאכלעסיקט דעם פירער.

דער סטאַדע-אינסטינקט לאָזט איבערהויפּט נישט איבער־קיין אָרט פאַרן פירער. ער, דער פירער, קומט נאָר צופעליק אַריין אין דער סטאַדע, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטייט דער פאַקט, וואָס פון דעם דאָזיקן אינסטינקט איז נישטאָ קיין וועג צו א באַדערפעניש אין אַ גאָט; דער סטאַדע פעלט אַ פאַסטוך. אויסער דעם קען מען Trotter's שילדערונג אונטערגראָבן פסיכאָל גיש, ד. ה. מען קען ווייניקסטנס מאַכן וואַרשיינלעך, אַז דער סטאַדע-אינסטינקט איז יאָ אויפלייזבאַר, ער איז נישט אַזוי אורשפּריגלעך אין דעם זעלבן זין ווי דער אינסטינקט פון זעלבסט-דערהאלטונג און ווי דער אינסטינקט פון געשלעכט.

ס'איז נאַט רלעך נישט לייכט נאָכצופאָרשן די אָנטאָגענעזע פון סטאדע-אינסטינקט. די מורא פון קליינעם קינד, ווען מ'לאָזט עס איבער אַליין, (וואָס Trotter טייטשט שוין אויס אלס אויסדרוק פונם אינסטינקט) לאָזט אָבער צו אן אנדערע אויסטייטשונג. זי געהערט דער מוטער, שפּעטער אַנדערע אָנפארטרויטע פערזאָנען, און איז דער אויסדרוק פון אַ נישט-דערפילטער בענקשאפט, מיט וועלכער דאָס קינד ווייסט נישט, וואָס צו טון, סיידן צו פארוואנדלען זי אין מורא. 1) די מורא פונם איינזאמען קליינעם קינד ווערט אויך נישט קלענער ביים אָנבליק פון אנדערע באליביקע פערזאָנען „פון דער סטאדע"; נאָר פארקערט, דאָס צוקומען פון אַזאַ „פרעמדן" רופט ערשט ארויס די מורא. דאן זעט מען נישט אַ לאַנגע צייט ביים קינד דעם סטאַדע-אינסטינקט אָדער מאַסן-געפיל. אזא אינסטינקט און געפיל שאפט זיך ערשט אין די פיל קינדער שטובן, פון זייער פארהעלטעניש צו די עלטערן, און,

---

1) זע: Vorlesungen zur Einfuhrung in die Psychoanalyse, uber die Angst.

נעמלען, אלס רעאקציע אויף דער אנהייבנדיקער קנאה, מיט וועלכער דאָס עלטערע קינד באגעגענט דאָס יונגערע. דאָס על·טערע קינד וואָלט, פארשטייט זיך, געוואָלט אויסער ארויסשטויסן דעם קלענערן, ווייט האַלטן פון די עלטערן און צונעמען ביי אים אלע רעכט, אָבער צוליבן פאַקט, וואָס אויך דאָסדאָזיקע קינד — ווי די אלע שפּעטערדיקע ווערט אויף אַ גלייכן אופן געליבט פון די עלטערן, און צוליב דער אוממעגלעכקייט פעסט צו האַלטן זיין פיינטלעכע שטימונג און שאָדן פאַר זיך, ווערט ער געצוווּנגען צו אידענטיפיצירן זיך מיט אנדערע קינדער, און ביי דער קינדער-מאַסע אנטשטייט אַ מאַסן-אָדער געמיינ·שאַפטס-געפיל, וואָס באקומט אין דער שול זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. די ערשטע פאָדערונג פון דער דאָזיקער רעאַקציע איז די גערעכטיקייט. די גלייכע באַהאַנדלונג פון אלע. עס איז באקאנט, ווי הויך און ענערגיש עס דרוקט זיך אויס די דאָזיקע פאָדערונג אין דער שול. אויב מען קען נישט אליין זיין דער פּריווילעגירטסטער, זאל לכל-הפּחות קיינער נישט פּרי·ווילעגירט ווערן. מען וואָלט געקענט האַלטן פאַר אוממוּארשיינ·לעך די דאָזיקע פאַרוואַנדלונג און פארטרעטונג פון אייפערזיכט דורך אַ מאסן-געפיל אין שול-און קינדער-שטוּב, ווען מען וואָלט נישט שפּעטער ווידער באַמערקט דעם זעלבן פּראָצעס אונטער אנדערע פארהעלטנישן. לאָמיר זיך דערמאָנען אין דער חברה פון טרוימעריש-פאַרליבטע פרויען און פריילינס, וואָס רינגלען ארום דעם זינגער אָדער פּיאַניסט נאָך זיין פאָרשטעלונג. געוויס, ס'פּאסט פאר זיי צו זיין אייפערזיכטיק איינע אויף דער צווייטער, אָבער צוליב דער גרויסער צאָל און דער אוממעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם ציל פון זייער פארליבטקייט, זאָגן זיי זיך אָפּ פון דעם, און אנשטאט צו רייסן די האָר איינע ביי דער צווייטער, האַנדלען זיי ווי אַן איינהייטלעכע מאַסע, צערטלען, פאַרוויילן בייזאַמען דעם קינסטלער און זיי וואָלטן געווען צופרידן צו טיילן זיך מיט זיינס אַלאָק. זיי אורשפּרינגלעכע קאנקורענטקעס, האָבן זיך געקענט אידענטיפיצירן איינע מיט דער צווייטע. אַדאַנק דער גלייכער ליבע צו דעם

זעלבן אָביעקט. ווען אַן אינסטינקט-סיטואַציע, ווי געוויינלעך, איז פעיק אויף פאַרשידענע אויסגענג, וועלן מיר זיך נישט וווּנדערן, וואָס עס קומט צושטאַנד יענער אויסגאַנג, מיט זעלכן ס'איז פאַרבונדן די מעגלעכקייט פון אַגעוויסער באַפרידיקונג, בעת אַן אַנדערער, אַליין אַנענטער שטייענדיקער בײַם הינטערשטעליק, ווייל די רעאַלע פאַרהעלטנישן אים דערמעגלעכן די נישט דערגרייכונג פון דאָזיקן ציל.

דאָס, וואָס מען געפינט שפּעטער אין דער געזעלשאַפט ווירקזאַם אַלס געמיינזאַמער גייסט, esprit de corps א. א. וו. לייקנט נישט אָפּ זיין אָפּשטאַמונג פון דער אור-שפּרינגלעכער קנאה. קיינער דאַרף זיך נישט ארויסרוקן אויבן אָן, יעדער דאַרף זיין גלייך צום אנדערען און האָבן דאָס זעלבע: סאָציאַלע גערעכטיקייט האַטייט, אַז מען זאָגט זיך אַליין אָפּ פון אסך זאַכן, כדי אויך די אַנדערע זאָלן זיך מוזן אָפּזאָגן דערפון, אָדער, וואָס עס איז דאָס זעלבע: זיי זאָלן דאָס נישט קענען פאָדערן. די דאָזיקע פאָדערונג צו גלייכהייט איז דער שורש פון דעם סאָציאַלן געוויסן און פון דעם פליכט-געפיל. אויף אַן אומדערוואַרטעטן אופן אַנטפּלעקט זיך די דאָזיקע פאָדערונג אין דער מורא פאַר אָנשטעקונג ביי די סיפיליטיקער, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין אַדאַנק דעם פסיכאָאַנאַליז. די מורא פון די דאָזיקע אומגליקלעכע אַנטשפּרעכט זייער שטאַרקן ווידערשטאַנד קעגן דעם אומבאַוווסטזיניקן ווונטש צו פאַרשפּרייטן זייער אינפעקציע אויף אַנדערע מענטשן, דען פאַרוואָס זאָלן זיי אַליין זיין אינפיצירט און אויסגעשלאָסן פון אַזוי פיל זאַכן, בעת די אַנדערע זענען נישט אויסגעשלאָסן? דער שיינער אַנעקדאָט וועגן שלמה המלכס משפט האָט אויך דעמזעלבן שורש. אויב דער איינער פרוי איז געשטאָרבן אַ קינד, זאָלן די אַנדערע אויך נישט האָבן קיין לעבעדיק קינד. אַ דאַנק דעם דאָזיקן פאַרלאַנג איז מען געוווירער געוואָרן בעוואָרן וועלכער פרוי ס'איז געשטאָרבן ס'קינד.

דאָס סאָציאַלע געפיל שטיצט זיך, אַלזאָ, אויף דער פאַרוואַנדלונג פון אַ פריער פיינטלעכן געפיל אין אַ פּאָזיטיוו

באטאנטע צוגעבונדנקייט, וואס האט דעם כאראקטער פון אידענ־
טיפיצירונג. אויף וויפיל מיר האבן ביז אהער נאכגעזען דעם
דאזיקן פראצעס, ווייזט זיך אויס, אז די דאזיקע פארוואנדלונג
קומט פאר אונטערן איינפלוס פון א געמיי זאמער צערטלעכער
צוגעבונדנקייט צו א פערזאן, וואס שטייט מחוץ דער מאסע.
אונזער אנאליז פון אידענטיפיצירונג איז פאר אונז אליין נישט
ריין אויסשעפנדיק. אבער פאר אונזער איצטיקן צוועק איז
גענוג, אויב מיר קומען צוריק צו דעם פונקט, אז די מאסע
פאדערט די קאנזעקווענטע דורכפירונג פון גלייכהייט. מיר האבן
שוין בעתן באטראכטן די ביידע קינסטלעכע מאסן — קירך און
ארמיי – געהערט, אז דער ערשטער תנאי פון זיי איז, אז
אלע זאלן גלייך געליבט ווערן פון דעם פירער. מיר דארפן
אבער נישט פארגעסן, אז די גלייכהייט־פאדערונג פון דער
מאסע גילט נאר פאר די איינצעלנע מענטשן פון דער מאסע,
נישט פארן פירער. אלע איינצעלנע מענטשן דארפן זיין גלייך
צווישן זיך, אבער אלע ווילן זיי באהערשט ווערן פון א פירער.
גלייכע צווישן זיך, וואס קענען זיך אידענטיפיצירן
איינער מיטן צווייטן, און איין איינציקער וואס שטייט העכער
פאר אלע – אט דאס איז די סיטואציע, וואס מיר געפונען
פארווירקלעכט אין א לעבנס־פעיקער מאסע. מיר דערלויבן זיך,
אלזא צו קאריגירן Trotter's אויסדרוק, אז דער מענטש איז
א סטאדע־חיה און מיר זאגן, אז ער איז אסך מער ווי א
האָרדע־חיה. ער איז אן איינצעלן ווען פון א האָרדע,
וואס ווערט אנגעפירט דורך אן אנפירער.

## א

## די מאסע און די אור־ האָרדע

אין יאָר 1912 האָב איך מסכים געווען מיט טש. דאַר-
ווינס השערה, אַז די אור-פאָרם פון דער מענטשלעכער גע-
זעלשאַפט איז געווען די האָרדע, וואָס איז געווען אומבאַשרענקט
באַהערשט פון אַ שטאַרקן „ער". איך האָב מיך באַמיט צו דער-
ווייזן, אַז דער גורל פון דער דאָזיקער האָרדע האָט איבער-
געלאָזט נישט-צערשטערבאַרע שפורן אין דער מענטשלעכער
געשיכטע, ספּעציעל אַז די אַנטוויקלונג פון טאָטעמיזם, וואָס
געמט אין זיך אַריין די התחלות פון רעליגיע, זיטלעכקייט און
סאָציאַלער צעגלידערונג, שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם
געוואַלטזאַמען טויט פונם אויבעראָנפירער און די פאַרוואַנדלונג
פון דער פאָטער-האָרדע אין אַ ברודער-געמיינדע 1). דאָס איז,
אמת, נאָר אַ השערה ווי אַסך אַנדערע, מיט וועלכע דער פרע-
היסטאָריקער פּרוּווט צו באַלויכטן די פינצטערניש פון דער
אור-צייט. — אַ just so story האָט דאָס וויציק אָנגערופן אַנישט

---

1) Totem und Tabu 2 Auflage. 1920.

נישט-פרינציפּ, כע ענגלישער קריטיקער — אָבער איך מיין, אַז עס איז אַ כבוד פאַר אַזאַ השערה, אויב זי וויזט זיך אויס אַלס צוגעפּאסט צו שאַפן אַ צוזאַמענהאַנג און פאַרשטענדניש אויף וואָס אַמאָל מער נייע געביטן.

די מענטשלעכע מאַסן ווייזן אונז ווידעראַמאָל דאָס באַקאַנטע בילד פון דעם איבערשטאַרקן יחיד אינמיטן פון אַ חברה פון גלייכע חברים; דאָס זעלבע בילד בלייבט אויך אין אונזער פאָרשטעלונג וועגן דער אור-האָרדע. די פּסיכאָלאָגיע פון דער דאָזיקער מאַסע, ווי מיר קענען זי פון די אָפט דערמאַנטע באַשרייבונגען — דאָס פאַרשווינדן ווערן פון דער באַוווסטזיניקער איינצעלנער פערזענלעכקייט, די אָריענטירונג פון געדאַנקען און געפילן אין גלייכע ריכטונגען, די איבערהערשאַפט פון דער אפעקטיווקייט און פונם אומבאַוווסטזיניקן גייסטיקן, די טענדענץ צו דער אומפאַרזוימטער אויספירונג פון אויפטויכנדיקע כוונות — דאָס אַלץ אַנטשפּרעכט דעם צושטאַנד פון רעגרעסיע צו אַ פּרימיטיווער גייסטיקער טעטיקייט, וואָס מען וואָלט טאַקי געקענט צושרייבן דער אור-האָרדע. 1)

1) פאַר דער אור-הארדע מוז באזונדערס גילטן דאָס, וואס מיר האָבן פריער באשריבן אין דער אלגעמיינער כאראקטעריסטיק פון מענטשן. דער ווילן פון יחיד איז געווען צו שוואך, ער האט נישט פארטרויט זיינע מעשים, עס זענען נישט צושטאנד געקומען קיין אנדערע אימפולסן, אחוץ קאלעקטיווע; עס איז געווען נאר א געמיינזאמער ווילן, נישט קיין איינציקער. די פארשטעלונג האט נישט זיך געוואגט אויסצוגיסן אין א ווילן, אויב זי איז נישט פארשטארקט געווארן דורך דער עמפינדונג פון איר אלגעמיינער פארברייטונג. די שוואכקייט פון דער פארשטעלונג ליגט אין דער דערקלערונג פון דער שטארקייט פון דער געפיל-צוגעבונדנקייט, וואס איז געמיינזאם פאר אלע די גלייכארטיקייט פון די לעבנס-אומשטענדן און דאס פעלן פון א פריוואטן אייגנטום — האבן באשטימט די גלייכפארמיקייט פון די אינטעלעקטועלע קאן ביי דעם איינצעלנעם מענטשן.

די מאַסע, שיינט אונז, אלזא, צו זיין אַ ווידעראויפלעב ־ ג, דער אור־האָרדע. פונקט ווי דער אור־מענטש לעבט אין יעדן איינצעלנעם מענטש, אַזוי אויך קען פון יעדער באַליביקער מענטשן־מענגע — ווידער אַנטשטיין די אור־האָרדע; אויף וויפיל די מאַסע באַהערשט געוויינלעך די מענטשן, דערקענען מיר אין איר די פאָרזעצונג פון דער אור־האָרדע. מיר מוזן ציען אַ שלוס, אַז די פסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע איז די עלטסטע מענטשן־פסיכאָלאָגיע. דאָס וואָס מיר האָבן אויסגעטיילט אַלס אינדיווידועלע פסיכאָלאָגיע, פאַרנאַכלעסנדיק אַלע איבעריקע מאַסן, איז אויסגעוואַקסן ערשט שפּעטער, שטופּענווייז און, אַזוי צו זאָגן, נאָך אַלץ נאָר טיילווייז פון דער אַלטער מאַסן־פסיכאָלאָגיע. מיר וועלן נאָך וואַגן פּרוּוון אנצווייזן דעם אויסגאַנגס־פונקט פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג.

די נאָענטע איבערטראַכטונג ווייזט אונז אין וועלכן פונקט די דאָזיקע מיינונג דאַרף אַ באַריכטיקונג. די אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע איז מן הסתם אַלט ווי די מאַסן־פסיכאָלאָגיע, ווייל פון אָנהייב אָן זענען געווען צוויי פסיכאָלאָגיעס: איינע פון די מאַסן־יחידים, און די צווייטע פון די פעטער, אויבעראָנפירער, ראשים, די איינצעלנע מענטשן פון דער מאַסע זענען געווען אַזוי געבונדן, ווי מיר זעען דאָס נאָך היינט. אָבער דער פאָטער פון דער אור־האָרדע איז געווען פריי. זיינע אינטעלעקטועלע אַקטן זענען אויך אַלס באַזונדערע געווען שטאַרק און אומאָפּהענגיק, זיין ווילן האָט נישט געדאַרפט האָבן קיין באַקרעפטיקונג דורך די אנדערע מענטשן מיי־

---

אמקייט, ווי מען קען דאָס באַמערקן ביי קינדער און זעלנער. דער איינציקער אונבאַדינגטער אויסנאַם איז דער סעקסועלער אַקט בעת וועלכן אַ דריטע פּערזאָן איז, ווייניקסטנס, איבעריק. אין ערגסטן פאַל איז זי פאַראורטיילט צו אַ פּיינלעך אָפּוואַרטן. וועגן דער רעאַקציע פון די סעקסועלע באַדערפנישן (די געניטאַל־באַפרידיקונג) קעגן דעם סטאַדע־אינסטיקט, זע ווייטער.

נעמען קאָנזעקווענט אָן, אַז זיין איך איז ליבידאָ-אַרטיק ווייניקער געווען געבונדן, ער האָט קיינעם נישט ליב געהאַט אַחוץ זיך, און די אַנדערע האָט ער ליב געהאַט אויף אַזויפיל וויפיל זיי האָבן געדינט פאַר זיין באַדערפעניש. זיין „איך" האָט נישט אָוועקגעגעבן די אָביעקטן קיין איבריקס.

ביים אויפגאַנג פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט איז ער געווען דער איבערמענטש, וועלכן ניטשע האָט ערשט דערוואַרט אין דער צוקונפט. נאָך היינט דאַרפן די מאַסן-אינדיווידומען די אילוזיע, אַז זיי ווערן געליבט פון פירער אין אַ גלייכער און גערעכטער מאָס, אָבער דער פירער גופא דאַרף קיין אַנדערע נישט ליב האָבן, ער דאַרף האָבן די נאַטור פון אַ הערשער, זיין אַבסאָלוט נאַרציסטיש, אָבער זיכער אין זיך און זעלבסטשטענדיק. מיר ווייסן, אַז די ליבע שטערט דעם נאַרציזם. און מיר וואָלטן געקענט אָנווייזן, ווי אַזוי אָרום זי איז געוואָרן אַ קולטור-פאַקטאָר, אַדאַנק דער דאָזיקער ווירקונג.

דער אור-פאָטער פון דער האָרדע איז נאָך נישט געווען אומשטערבלעך, ווי ער איז עס שפּעטער געוואָרן, אַדאַנק פאַרגעטערונג, ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען געמוזט פאַרטרעטן זיין אָרט; זיין אָרט האָט וואַרשיינלעך פאַרנומען דער יונגסטער זון, וואָס איז ביז דאַן געווען אַ מאַסן-יחיד ווי אַלע אַנדערע. עס מוז, אַלזאָ, זיין אַ מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען די פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע אין אַן אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע; עס מוז געפונען ווערן אַ תנאי, אונטער וועלכן עס זאָל לייכט פאָרקומען אַזאַ פאַרוואַנדלונג. פונקט ווי עס איז מעגלעך פאַר די בינען, אין אַ נויטפאַל, צו באַשטימען אַ קעניגין פון אַ לאַרווע אַנשטאָט אַן אַרבעטערין, דאַן קען מען זיך פאָרשטעלן נאָר דאָס: דער אור-פאָטער האָט געשטערט זײַנע זין די דירעקטע באַפרידיקונג פון זייערע סעקסועלע שטרעבונגען; ער האָט זיי געצוווּנגען צו אַבסטינענץ און, פאָלגלעך, צו געפילס-צוגעבונדקייט איינער צום צווייטן, וואָס האָבן געקענט אַרויסגיין פון שטרעבונגען, מיט

געהאָמעוועטע סעקסועלע צילן. ער האָט זיי אויפגעצווונגען. אזוי צו זאָגען, די מאַסען פסיכאָלאָגיע. זיין סעקסועלע אייפערזוכט און זיין טאָלעראנץ זענען אין דער לעצטער ליניע געוואָרן די סיבע פון דער מאסן-פסיכאָלאָגיע 1)

דער, וואָס איז געוואָרן זיין נאָכפאָלגער, האָט אויך געהאט די מעגלעכקייט פאַר אַ סעקסועלע באַפרידיקונג און מיט דעם האָט זיך פאַר אים געעפענט אַ וועג אַרויסצוטרעטען פון די באַדינגונגען פון דער מאַסן-פסיכאלאגיע. דאָס פיקסירן פון דעם ליבידא אויפן ווייב, די מעגלעכקייט פון דער באַ-פרידיקונג אָן אפלייגונג און אָן נדחה האָט געמאַכט אַ סוף

צו דעם באַטייט פון די געהאָמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען און געלאָזט דעם נאַרציזם שטענדיק שטיין אויף דער זעלבער הויך. צו דער דאָזיקער באַציונג פון דער ליבע און דאָס אַנט-שטיין פון כאַראַקטער וועלן מיר נאָך צוריקקומען אין אינזער צוגאָב-קאַפיטל.

שטרכן מיר דאָ נאָכאַמאָל אונטער, ווי אַ באַזונדערס באַלרעדנדיקן מאָמענט. די באַציִונג צווישן דער קאָנסטיטוציע פון דער האָרדע און די מאָסגאַנגען דורך וועלכע — אָפגעזען פון צוואַנג-מיטלען — עס ווערט צוזאַמענגעהאַלטן אַ קינסטלעכע מאַסע. ביי דער קירך און אַרמיי האָבן מיר געזען, אַז אַזאַ באַדינג איז די אילוזיע אַז דער פירער ליבט אַפּע איינצעל-נע אויף אַ גלייכן און גערעכטן אופן. דאָס איז טאַקי די אידעאַליסטישע איבעראַרבעטונג פון די פאַרהעלטנישן אין דער האָרדע, אין וועלכע אַלע זין פילן, אַז זיי ווערן אויף אַ גלייכן אויפן פאַרפאָלגט פונם פאָטער און זיי האָבן פאַר אים מורא אויף אַ גלייכן אופן. שוין די נאָענטסטע פאָרם פון

1) עס לאזט זיך אויך אננעמען אז די פארטריבענע זון, דערווײַטערט פון פאטער, האבן באנוצט פארשריט פון דער אידענטיפיצירונג אײַנער צום צווײַטן צו האמאסעקסועלע אביעקטן-ליבע און אזוי ארום באקומען די פרײַהײַט צו דערהרגענען דעם פאָטער.

דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, דער טאָטעמיסטישער קלאַן, האָט
אַלס פאַר־תּנאַי . די דאָזיקע פאַרוואַנדלונג, אויף וועלכער עס
שטיצן זיך אַלע סאָציאַלע פליכטן. די אומצערשטערבאַרע
שטאַרקייט פון דער טאָמיליע אַלס אַ נאַטירלעכע מאַסן־בילדונג,
שטיצט זיך אויף דעם וואָס דער דאָזיקער נויטווענדיקער פאַר־
בונדונג פון דער גלייכער ליבע פון פאָטער קען ווירקלעך זיין
פּאַסיק פאַר איר.

– אָבער מער דערוואַרטן נאָך מיר פון דער אָפּשאַצונג פון
דער מאַסע פון שטאַנד־פּונקט פון דער אור־האָרדע. די דאָזיקע
אָפּשאַצונג דאַרף אונז נעענטער ברענגען צום דעם אומפאַרשטענד־
לעכן, געהיימניספולן פון דער אַנטשטייונג פון דער מאַסע וואָס
באַדאַלטן זיך אונטער די רעטזעלהאַפטע ווערטער היפּנאָז און
סוגעסטיע. און איך מיין אַז זי קען דאָס באַווייזן. לאָמיר זיך
נאָר דערמאָנען, אַז דער היפּנאָז האָט אין זיך עטוואָס דירעקט
נישט היימליכעס: דער כאַראַקטער פון דעם אומהיימלעכן
ווייזט אָ, אויף אַן אַרויסשטויסונג פון אַן אָבגעשוואַכטער אַלט־
קייט און אויך אַ פולן צוטרוי. 1). לאָמיר זיך דערמאָנען ווי
אַזוי עס גייט צו דער היפּנאָז. דער היפּנאָטיזירער באַהויפּטעט,
אַז ער באַזיצט אַזאַ מאַכט, וואָס באַרויבט דעם ווילן פונם
אָביעקט, אָדער, וואָס איז דאָס זעלבע, דער אָביעקט גלייבט,
אַז דער היפּנאָטיזירער באַזיצט אַזאַ מאַכט. די דאָזיקע גע־
היימניספולע מאַכט — פּאָפּולער נאָך אַלץ באַצייכנט אַלץ באַ־
צייכנט אַלס חיה'שער מאַגנעטיזם — מוז זיין די זעלבע, וועלכע
גילט פאַר דעם פּרימיטיוון מענטש אַלס קוואַל פון טאַבור. די
זעלבע, וואָס גייט אַרויס פון קעניגן און אנפירער, און וואָס
איז געפערלעך, ווען מען דערנענטערט זיך צו זיי . דער
היפּנאָטיזירער וויל באַזיצן די דאָזיקע מאַכט, ווי אַזוי דערפירט
ער זי צום באַווייזן זיך ? מיט דעם, וואָס ער פאָדערט אויף

---

(2 זע: Totem zend Taba, und die dorf zitietfe
quellem.

איבערטראגונג אויפן היפנאָטיזירער. די אומדירעקטע מעטאָדן פון היפנאטיזירער האָבן, אלזאָ, פונקט ווי די געוויסע טעכנישע אנווענדונגען פונם וויך אָלס דערפאָל, געוויסע פאַרטיילונגען פון דער גייסטיקער ענערגיע, אויפצוהאַלטן, וועלכע וואלטן גע־שטערט דעם פאַרלויף פון דעם אומבאַוווסטזיניקן פראָצעס, און זיי פירן שווערלעך צום גלייכן ציל, ווי די דירעקטע באַיינ־פלוסונגען דורך שטאַרן אָנקוקן אָדער פאַסן. 1) Ferenczi האָט ריכטיק אויסגעפונען, אז דער היפנאָטיזירער פערנעמט ס'אָרט פון די עלטערן, באַנוצנדיק זיך מיטן באַפעל צום שלאָפן. ער מיינט, אַז מען דאַרף אונטערשיידן צוויי ערליי היפנאָזן: איינער אַ חניפהדיקער, באַרואיקנדיקער, וואָס האט די מוטער אָלס פראטאטיפ, און איינעם אַ דראָענדיקן, וועלכן ער שרייבט־צו דעם פאָטער 2) דאָן באַטייט אין דעם היפנאָז דער געבאט צו שלאָפן נישט אַנדערש, ווי די אויפפאָדערונג אָפצוווענדן די

---

1) די סיטואציע, וואס די היפנאטיזירטע פערזאן האט אומבאוווסטזיניק איינגעשטימט אויפן היפנאטיזירער, בעת זי באשעפטיקט זיך באוווסטזיניק מיט נישט-פארענדערלעכע, נישט אינטערעסאנטע איינדרוקן, האט איר קעגנזאץ בעת דער פסיכא-אנאליטישער באהאנדלונג, וואס פאדערט, אז מען זאל זי דא דער־מאנען. בעת יעדן אנאליז, טרעפט לכל-הפחות איינמאל, וואס דער פאציענט בא־הויפטעט עקשנותדיק, אז איצט ליגט אים נישט קיין שום געדאנק אין קאפ־ זיינע פרייע אסאציאציעס האבן זיך אפגעשטעלט און די געוויינלעכע אימפולס וואס ברענגען זיי אין באוועגונג געלונגען נישט. דורך איינגעקשנקייט דער־גרייכט מען, ענדלעך, זיין מודה זיין זיך, אז ער טראכט וועגן דער לאנדשאפט־ וואס מ'זעט דורכן פענצטער פון דעם באהאנדלונגס-צימער, וועגן די טאפעטן אויף דער וואנט, וואס ער זעט פאר זיך, אדער וועגן גאז-לעמפל, וואס הענגט אראפ פון סופיט. דאן ווייסט מען, אז ער איז שוין אריין אין טראנס, אז ס'ווערן אים ארויסגעשטעלט פאדערונגען, וואס געהערן צום דאקטער, און קוים דערקלערט מען אים דאס שטעלן זיך אפ די פרייע אבאצאציעס.

2) Ferenczi Intrjoektion und übertragung. Jahrbuch des psychanalyse, I 1909

נאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער איבעריקער וועלט און זי צו קאָנצענטרירן אויף דער פערזאָן פונם היפנאָטיזירער; אַזוי ווערט עס אויך פאַרשטאַנען פונם אָביעקט, ווייל אין דעם דאָזיקן אפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט ליגט די פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק פונם שלאָף און אויף דעם שטיצט זיך די קרובהשאַפט פונם שלאָף מיט דעם היפּנאָטישן צושטאַנד.

דורך זיינע מאָסנאמען וועקט, אַלזאָ, דער היפּנאָטיזירער אויף ביי דעם סוביעקט אַ טייל פון זיין אַרכאַישער ירושה, וועלכע איז אויך אַנטקעגנגעקומען די עלטערן און וועלכע האָט דערפאר, אין פאַרהעלטניש צום פאָטער, אַן אינדיווידועלע ווידערבאַלעבונג — די פאָרשטעלונג פון אַן איבערמעכטיקער און געפערלעכער פערזענלעכקייט, קעגן וועלכער מען קען זיך אַנטקעגנשטעלן נאר פּאַסיוו מאַזאָכיסטיש, ווערנדיק געצוווּנגען צו פאַרלירן דעם ווילן, בעת צו זיין מיט איר אַ־יין, „אונטער פיר אויגן" ווייזט אויס צו זיין אַ גרויסע ריזיקע.

נאָר" אויף אַזאַ אופן קענען מיר זיך פאָרשטעלן דאָס פאַרהעלטניש פון אַ יחיד אין דער אור-האָרדע צום אור-פאָטער. ווי מיר ווייסן פון ביישפּילן ביי אַנדערע רעאַקציעס, האָט דער אינדיווידואום אויפגעהיטן אין זיין פערזענלעכע אייגנטימלעכקייט א וואריאַבלע מאָס פון ווידערבאַלעבונג פון אַזעלכע אַלטע סיטואַציעס. אַ וויסן, אַז דער היפּנאָז איז בלויז אַ שפּיל, אַ ליגנאַרטיקע באַנייונג פון יענע אַלטע איינדרוקן, קען אָבער בלייבן אויפגעהיטן און זאָרגן פאַר דעם ווידערשטאַנד קעגן די צופיל ערנסטע קאָנזעקווענצן פון דעם היפּנאָטישן פאַרלוסט פון ווילן.

דער אונהיימלעכער, צווינגענדיקער כאַראַקטער פון דער מאַסע, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין אירע סוגעסטיאָנירטע דערשיינונגען, קען, אַלזא, אויך מיט רעכט פאַררעכנט ווערן אויפן חשבון פון איר אָפּשטאַמונג פון דער אור-האָרדע. דער פירער פון דער מאַסע איז נאָך אַלץ דער אור-פאָטער, פאַר וועמען מען האָט מורא, די מאַסע וויל שטענדיק נאָך אַלץ באַהערשט

וערן פון אַן אומבאַשרענקטער מאַכט, זי דערשט אין העכסטן גראַד נאָך אויטאָריטעט, וי האָט, ליט לאַנג באַנס אויסדרוק, אַ דורשט אונטערטעניק צו זיין. דער אור-פּאָטער איז דער אידעאַל פון דער מאַסע, וואָס באַהערשט דעם איך אויפן אָרט פון „איך אידעאַל״. דער היפּנאָז האָט אַ פולע רעכט צו דער פאַרצייכנונג: מאַסע פון צוויי טיילן: די סוגעסטיע קען דעפינירט ווערן, ווי אַן „איבערצייגונג, וואָס איז נישט באַגרינדעט אויף ערנסט-אַנצמ-לעכע און דענק מעגלעכע אַרבעט, נאָר אויף עראָטישער צוגע-בונדנקייט. 1)

---

1) עס איז ווערט צו באמערקן, אז דורך די באטראכטונגען פון דעם דאָזיקן קאפיטל זענען מיר געצוווּנגען צוריקצוקערן זיך פון Bernheims אָן-פאסונג וועגן היפנאָז צו דער אלטער נאַיווער אויפפאסונג. לויט Bernheim שטאַמען אלע היפּנאָטישע פענאָמענס אָפּ פון דער סוגעסטיע, וואָס איז א מאַ-כענס, וואָס שטעלט זיך ווייטער ניט אויפקלערן. מיר קומען צום שלוס, די סוגעסטיע איז א טיילווייזע דערשיינונג פון דעם היפּנאָטישן צושטאַנד, וואָס האט א פעסטן יסוד אין דער אומבאוווּסטזיניקער איבערגעהיטענער נייגונג פון דער אור-געשיכטע פון דער מענטשלעכער משפּחה.

## אַ שטופּע אינם איך.

ווען מען געדענקט די באַשרייבונגען פון די מחברים וועגן דער מאַסן-פּסיכאָלאָגיע, וואָס דערגענצן איינער דעם צווייטן און ווען מען וואַרפט אַן איבערבליק איבערן לעבן פונם הייַנטיקן יחיד, קען מען פאַרלירן דעם מוט, צוליב די קאָמפּליקאַציעס וואָס זענען פאַראַן ביים צוזאַמענצושטעלן פון אים אַן ארומנעמנדיקע באַשרייבונג. יעדער יחיד איז אַ באַשטאַנד-טייל פון אַסך מאַסן, דורך אידענטיפיצירונג איז ער אַלזייטיק געבונדן, און האָט אויפגעבויט זיין „איך-אידעאל" לויט די פאַרשידנסטע פּראָטאָטיפּן. יעדער יחיד נעמט, אַלזא, אַן אנטייל אין אַסך מאַסן-נשמות, פון זיין ראַסע, שטאַנד, גלויבנס-געמיינזאַמקייט, מלוכה א. א. וו., און קען זיך חוץ דעם דערהייבן צו אַ ביסל זעלבסשטענדיקייטן און אָריגינעלקייט. די דאָזיקע באַשטענדיקע און דויערהאַפטיקע מאַסן און זייערע גלייכמעסיקע אנהאַלטנדיקע ווירקונגען, וואַרפן זיך ווייניקער אין די אויגן, ווי די שנעל-פאַרמירטע, פאַרגענגלעכע מאַסן, לויט וועלכע לע באָן האָט געגעבן אַזאַ גלענצנדיקע פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק פון דער מאַסן-נשמה. און אין די דאָזיקע

רוישגדיקע, עפּעמערישע מאַסן, וואָס שטייען פּלומוישט העכער איבער אַנדערע, געשעט אַ ווּנדער: דאָס, וואָס מיר האָבן אָנערקענט אַלס איגדיווידועלע אויסבילדונג, פאַרשווינדט שפּור־לאָז, אפילו ווען נאָר אויף אַ קורצע צייט.

מיר האָבן דאָס ווּנדער פאַרשטאַנען, אין דעם זין, וואָס דער איינצעלנער מענטש זאָגט זיך אָפּ פון זיין „איך־אידעאַל" און פאַרבייט עס מיט דעם מאַסן־אידעאַל, וואָס איז פאַרקערפּערט אינם פירער. דאָס ווּנדער, דאַרפן מיר אַלס באַרעכטיקונג צו־צוגעבן, איז נישט אין אַלע פאַלן גלייך גרויס, די אָפּזונדערונג פון „איך" און „איך־אידעאַל" איז ביי פיל אינדיווידואומען נישט אַזוי שטאַרק, זיי ביידע דעקן זיך נאָר לייכט, דער „איך" האָט זאָר אויפגעהיטן די פריערדיקע נאַרציסטישע אייגנ־געפעליקייט. די וואַל פון פירער ווערט דורך די דאזיקער פאַרהעלטעניש נאָך מער פאַרלייכטערט.

ער, דער פירער, דאַרף נאָר אָפט צו באַזיצן די טיפּסטע אייגנשאַפטן פון די דאָזיקע אינדיווידואומען אין אַ באַזונדערס שאַרפער און ריינער פאָרם און דאַרף מאַכן דעם איינדרוק פון אַ גרעסערער קראַפט און ליבידיעזע פרייהייט, אַזוי אַרום קומט אים אַנטקעגן די באַדערפעניש אין אַ שטאַרקן אָנפירער, און זי גיט אים אַן איבערמאַכט, אויף וועלכער ער האָט אפשר קיינמאָל נישט פּרעטענדירט, די אַנדערע אינ־דיווידואומען, וועמעס „איך־אידעאַל" ס'האָט זיך פאַרקערפּערט אין זיין פּערזאָן נאָר ביי אַ קאַרעקטור, ווערן דאַן „סוגעסטיאָ־נירט" ד. ה. מיטגעריסן דורך דער אידענטיפיצירונג.

מיר באַמערקן, אַז די דערקלערונג פון דער ליבידאָ־סטרוקטור פון דער מאַסע, ווערט דערפירט צו דעם אונטער־שיד פון איך פונם „איך־אידעאַל" און צו דורך דעם דערמעג־לעכטער טאָפּלטער אַרט פון צוגעבונדנקייט — אידענטיפיצירונג און פאַרטרעטונג פון „איך אידעאַל" דורכן אָביעקט. דאָס

אנגעמען פ'ן אזא שטופע אין „איך" אלס ערשטער שריט פון אן איך-אנאליז, מוז שטופנווייז באווייזן איר רעכטפערטיקונג אויף די פארשידנסטע געביטן פון דער פסיכאָלאָגיע. אין מיין ארבעט „Zur Einfuhrung des Narzissmus" האָב איך קודם כל 1) צוזאמענגעקליבן פאַטאָלאָגישע מאטעריאלן, כדי צו שטיצן דעם דאזיקן באזונדערן שטריך. אבער מ'דאַרף דער-ווארטן, אז זיין באטייט וועט זיין אסך שטארקערער נאך דער ווייטערדיקער פארטיפונג אין דער פסיכאלאגיע פון די פסיכאָזן. לאמיר נעדענקן, עז דער איך שפילט א ראל פון אביעקט אין באצוג צו דעם פון אים זיך אנטוויקלטן „איך-אידעאל" און מעגלעך, אז אלע ענדערנדיקע ווירקונגען, וואס מיר זענען געוויער געווארן פון דער ליבע וועגן ג ווראזן צוויש, דעם אויסערלעכן אָביעקט און דעם קיבוץ-איך חזרן זיך איבער אויף דעם דאזיקן נייעם פעלד אינערהאלב פון איך.

איך וויל דא גאָכפאָרשן נאָר איין מעגלעכן פון דעם דאָ-זיקן שטאַנדפונקט פועל-יוצא, כדי פארצווזעצן די באטראַכטונג פון א פראָבלעם, וואָס איך האָב אויף אן אנדערע שטעלע געמוזט איבערלאזן נישט-געלייזט 2). יעדע איינע פון די גייסטיקע דיפערענצירונגען, מיט וועלכע מיר זענען באַקאַנט געוואָרן, שטעלט מיט זיך פאר א נייע שווועריקייט פון דער גייסטיקער פונקציע, העכערט איר לאביליטעט 1) און קען ווערן אן אויסגאַנג-פונקט פון א פאַרשטאָפונג פון דער פונקציע, קען פון איר קראַנק ווערן, אזוי האָבן מיר גלייך מיטן געבוירן ווערן געמאַכט דעם שריט פון אַבסאלוט זעלבסט-גענוגנטן נארציזם צום אויפנאם פון א פאר

---

1) Jarbuch für Psychoanalyse VI, 1914. Sammlung kleiner Schriften zur Neurosenlehre 4 Folge,

2) „Trauer und Melancholie". Internationale Zeitschrift für Psychoanalyse, IV, 1916—18. Sammlung kleiner Schriften zur Neurosenlehre. 4. Folge.

ענדערלעכער אויסן-וועלט און צום אנהייב פון זוכן אן אביעקט, און מיט דעם איז פארבונדן דער פאקט, אז מיר קענען נישט לאנג פארטראגן דעם דאזיקן נייעם צושטאנד, אז מיר פארלאזן אים פעריאדיש און אין שלאף קערן מיר צוריק צום פריערדיקן צושטאנד פון רייצלאזיקייט און אביעקט פארמיידונג. מיר פאלגן דערביי, פארשטייט זיך, דעם ווונק פון דער אויסן-וועלט, וואס נעמט פון אונז אוועק דורכן פעריאדישן וועקסל פון טאג און נאכט, דעם גרעסטן אנטייל פון די אויף אונז ווירקנדיקע רייצונגען. דער צווייטער ביישפיל, וואס איז זייער וויכטיק פאר דער פאטאלאגיע, פאלט שוין נישט אונטער אזעלכע באגרענצונגען. אין פארלויף פון אונזער אנטוויקלונג, האבן מיר איינגעטיילט אונזער גייסטיקן באשטאנד אויף א קאהארענטן [1] „איך" און אויף א אומבאוווסטזיניק באגרענעצטן, וואס שטייט אויסערהאלב דעם איך, און מיר ווייסן, אז די סטאביליטעט פון די דאזיקע נייע פארמירונגען פאלן אונטער באשטענדיקע צ רשטערונגען. אין חלום און אינם נעווראז קלאפט דאס דאזיקע אויסגעשלאסענע, אז מען זאל עס ארייננלאזן אין די פארווידערשטאנד באוואכטע טויערן, און אין וואכנדיקן געזונטן

צושטאנד באנוצן מיר זיך מיט באזונדערע פארטלען, כדי צייטווייליק ארייננצונעמען דאס פארשטויסענע אין אונזער „איך", ארומגייענדיק ארום דעם ווידערשטאנד און ארויסציענדיק פון דעם א פארגעניגן.

וויץ און הומאר, ס׳יז אויך דאס קאמישע, דארפן באטראכט ווערן אינם ליכט פון דאזיקן שטאנדפונקט. יעדן קענער פון דער נעווראזן-פסיכאלאגיע זענען באקאנט ענלעכע ביישפילן פון א קלענערן באטייט; אבער איך אייל מיך צו דער באשטימטער דורך מיר אנווענדונג.

עס וואלט געווען גוט צו מיינען, אז אויך די אפזונדערונג פונם איך-אידעאל פון איך קען נישט לאנג עקזיסטירן

---

1) געבונדענעם

און דארף צייטווייליק באהערשט ווערן פון צוריקקערנדיקער אנט־וויקלונג. טראָץ אַלע אָפזאגן און באַשרענקונגען, װאָס זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן „ יך” גילט אַלס אַ כּלל דער פּעריאָדישער דורכברוך פון פאַרבאָטענעם, ווי דאָס באַווייזט די אינסטיטוציע פון ימים-טובים, וואָס זענען אורשפּרינגלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי דורכן געזעץ דערלויבטע עקסצעסן און דער דאָזיקער באַפרייונג האָבן זיי צו פאַרדאַנקן זייער הייטערן כאַראַקטער 1). די סאַטורנאַליען פון די רוימער און אונזער היינטיקער קאַרנאַוואַל טרעפן זיך אין דעם דאָזיקן וועזנטלעכן שטריך צונויף מיט די ימים-טובים פון די פּרימי־טיווע מענטשן, װאָס פלעגן פאָרקומען מיט כּלערליי אויסגע־לאַסנקייטן און מיטן עובר זיין אויף די שטענדיקע הייליקסטע מצוות. דער איך-אידעאַל אבער נעמט אַרום דעם באַטרעף פון אַלע באַגרענצונגען, וועלכע עס זאָל זיך אונטערגעבן דעם איך, און דעריבער מוז דאָס אָפּשאַפן פונם אידעאַל ווערן אַ גרויסאַרטיקער יום-טוב פאַרן איך, וואָס האָט ווידער־אַמאָל געקענט צופרידן זיין מיט זיך זעלבסט 2).

עס קומט שטענדיק צו אַ געפיל פון נצחון, ווען דער איך דעקט זיך כאָטש אַביסל מיטן איך-אידעאַל. אַלס אויס־דרוק פון דער שפּאַנונג צווישן איך און איך-אידעאַל קען אויך פאַרשטאַנען ווערן דאָס שולד-געפיל (און מינדערווערטי־קייטס געפיל).

ווי באַוווּסט זענען פאַראַן מענטשן, ביי וועמען עס

1) Totem und Tabu

2) Trotter האלט, אז דאס פאַריסעסטויסן שטאמט אפ פון סטאדע־אינסטינקס. דאס איז גיכער די זעלבע מיינונג, אבער אנדערש אויסגעדריקט, איידער א ווידערשפרוך, ווען איך האב געזאגט אין "Einführung des Narzismus". די פארמירונג פון אידעאל איז פאר דעם איך א באדינג פון דער פארדרענגונג.

וואַקלט זיך פּעריאָדיש, דאָס אַלגעמיינע געפיל פון שטימונג פון אַן איבערמעסיקע געדריקטקייט צו אַ געוויסן מיטלצושטאַנד ביז צו אַ געהעכערטער גוטער שטימונג. און די דאָזיקע וואַק-לונגען באַווייזן זיך באמת אין זייערע פאַרשידענע גרויסע אמפּליטודן, פון דעם קוים אָנמערקבאַרן ביז צו יענעם עקסטרעמען, וואָס רייסן זיך אַריין העכסט שמערצלעך, אָבער שטענדיק אַלס מעלאַנכאָליע אָדער מאַניע אינם לעבן פונם קראַנקן. און טיפּישע פאַלן פון די דאָזיקע ציקלישע צערודע-

רונגען שפּילן כלומרשט נישט קיין ראָל קיין אויסערלעכע סיבות; אינערלעכע מאָטיוון געפינט מען ביי די דאָזיקע קראַנ-קע נישט מער און נישט קיין אַנדערע, ווי ביי אַלע אַנדערע קראַנקע. מען האָט זיך דעריבער צוגעוויינט צו באַטראַכטן די דאָזיקע פאַלן נישט אַלס פּסיכאָגענע. ווען אַנדערע גאַנץ ענלעכע פאַלן פון ציקלישער צערודערונג, וואָס קענען לייכט פאַרו עכנט ווערן צו די זעעלישע חלומות, וועט שפּעטער קומען צו רייד.

די באַגרינדונג פון די דאָזיקע ספּאָנטאַנע שטימונג-וואַקלונגען איז, אַלזאָ, אומבאַקאַנט; אינם מעכאַניזם, וואָס פאַרבייט מעלאַנכאָליע דורך מאַניע, האָבן מיר נישט קיין אַנונג. פאַר די דאָזיקע קראַנקע וואָלט געהאַט אַ באַטייט אונזער השערה, אַז דער איך-אידעאַל ווערט צייטווייליק אויפגעלייזט אינם „איך", נאָכדעם ווי דער דאָזיקער „איך" האָט באַזונדערס שטרענג רעגירט.

לאָמיר אַנטשלאָסן אויסמיידן נישט-קלאָרקייט: אויפן יסוד פון אונזער איך-אַנאַליז איז נישט קיין ספק, אַז ביי דעם מאַניע-קראַנקן זענען צונויפגעבונדן דער איך און איך-אידעאַל, אַזוי אַז די פּערזאָן קען זיך פרייען מיטן אָפּפאַלן פון שטע-רונגען, ריקזיכטן און זעלבסט פאָרווורפן, געפינענדיק אַ שטי-

מונג פון גצחון און זעלבסטגליק, וואס ווערט נישט געשטערט דורך קיין שום זעלבסט-קריטיק. עס איז ווייניקער באשיינפער-לעך, אָבער דאך גאנץ ווארשיינל'עך, אַז דאָס אומ-גליק פון א מעלאנכאליקער איז דער אויסדרוק פון שארפע חילוקי-דעות צווישןביידע אינסטאַנצן פון „איך". און דעם, וואָס דער איבערמעסיק עמפינדלעכער אידעאַל ברענגט צום אויסדרוק זיין פאַרורטיילונג פון איך אין וואנזיניקייט און אין זעלבסט-הערנידערונג. עס איז נאר א פראגע צי מען דארף זוכן די סיבה פון די דאזיקע פערענדערטע באַציונגען צווישן איך און איך-אידעאַל אין די אויבן פאָסטולירטע פעריאדישע פראטעסטן קעגן דער נייער אינסטיטוציע, אָדער מאַכן פאַר דעם פאראנטוואָרטלעך אַנדערע פארהעלטנישן.

דער איבערגאַנג צו מאניע איז נישט קיין נויטווענדיקער שטריך אינם קראַנקהייטס-בילד פון דער מעלאנכאלישער דע-פרעסיע. עס זענען פאַראַן איינפאַכע, איינמאליקע און פער-יאדישע איבערגעחזרטע מעלאנכאָליעס, וועלכע גייען קיינמאָל נישט אריבער אין אַ מאניע-צושטאנד. פון דער צווייטער זייט זענען פאראן מעלאַנכאליעס, ביי וועלכע די סיבה שפילט אַן עטיאָלאגישע ראל. דאָס זענען פאַלן ביים פאַרלוסט פון א גע-ליבטן אָביעקט, אדער דורכן טויט פונם אביעקט אדער צוליב אזא שטענדן, וועלכע האבן נייטיק געמאַכט דאָס צוריקטרעטן פון ליבידא ביים אָביעקט. אזא פסיכאגענע מעלאנכאליע קען אויך פאַרוואַנדלט ווערן אין מאניע און דער דאזיקער ציקל קען אַסך מאל זיך איבערהזרן ווי ביי א כלומרשטער ספאנטאנישער מעלאנכאליע. אלזא, די פאַרהעלטנישן זענען גאנץ נישט-קלאר, נאך מער ווי ביז אהער, ווייל דער פסיכאנאליז האָט אויסגעפאָרשט ווייניק פארמען און פאַלן פון מעלאנכאָליע

2) פארגלייך Abraham: Ansätze zur psychoanalytischen Erforschung und Behandlung des manischepressirn wrese-lhs ete 1912 Klinische Betrage zur psychoanalyse" 1921.

ביז היינט פארשטייען מיר נאר יענע פאלן, אין וועלכע דער אביעקט ווערט פארלאזן, ווייל ער האט זיך ארויסגעוויזן אלס נישט ווערט דער ליבע. ער ווערט דאן ווידער אויפגערירט דורך אידענטיפיצירונג און ווערט שטרענג געפירט פון איך-אידעאל. די פארווארפן און אגרעסיע קעגן אביעקט קומען צום אויסדרוק אלס מעלאנכאלישע זעלבסטפארווורפן 1)

אויך דורך אזא מעלאנכאליע קען פארקומען די פארוואנדלונג אין מאניע, אזוי אז די דאזיקע מעגלעכקייט שטעלט מיט זיך פאר אן אומאפהענגיקער שטריך פון דער איבעריקער כאראקטעריסטיקביים קראנקהייטס-בילד.

איך זע נישט קיין שוועריקייט צו נעמען אין אכט דעם מאמענט פון פעריאדישע פראטעסטן פון איך קעגן איך-אידעאל פאר ביידע מינים מעלאנכאליע, די פסיכאגענע און די ספאנטאנע קען מען אננעמען, אז דער איך-אידעאל איז גענייגט צו א באזונדערער שטרענגקייט. וואס האט אלס פועל-יוצא דאס אויטאמאטישע ציטווייליקע אפשאפן פון איך. ביי דער פסיכאגענער ווערט דער איך געצייצט צום פראטעסט דורך דער שלעכטער באהאנדלונג מצד זיין אידעאל, וואס איז א רעזולטאט פון דער אידענטיפיצירונג מיט אן אפגעווארפענעם אביעקט

1) גענויער געזאגט: זיי באהאלטן זיך אונטער די פארווורפן קעגן איינענעם איך, געבן זיי צו פעסטקייט, עקשנותדיקייט און נישט אפווארפבארקייט, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס די זעלבסט-פארווורפן פון די מעלאנכאליקער.

## XII

# דערגענצונגען

אין משך פון דער דאזיקער אויספארשונג, וואָס קומט יעצט צו א דערוויילִיקן שלוס, האבן זיך פאר אונז געעפנט פאַר־שידענע זייטיקע וועגן, וואס מיר האבן צום ערשט אויסגעמיטן, נאר זיי האבן אבער פאר אונז א גאַנצע שייכות. אייניקע פון די דאזיקע הינטערשטעלִיקע וועלן מיר נאכיאגן.

א. דער חילוק צווישן אידענט־פיצירונג און איך־אידעאל־פאַרטרע־טונג דורכן אביעקט, געפונט זיך אָן אינטערעסאנטע באלייכטונג אין די צוויי גרויסע קינסטלעכע מאסן, וואָס מיר האבן פריער שטודירט: די אַרמיי און די קריסטלעכע קירך.

עס איז באַשיינפערלעך, אַז דער זעלנער נעמט אַלס אידעאל זיין אויבערשטן. אלזא, אייגנטלעך דעם אַרמיי־אָנפירער, בעת ער אידענטיפיצירט זיך מיט זיינס גלייכן, און פון דער דאזיקער איך־געמיינזאמקייט שטימט די פאַרפליכטונג פון חברשאפט צו קעגנזייטיקער הילף־לייסטונג און צעטיילונג פון אַלע גיטע זאכן. אבער ער ווערט לעכערלעך, ווען ער וועט זיך אידענטיפיצירן מיטן הויפט־אנפירער. דער יעגער אין וואַלענ־שטיינס לאגער [illegible] פונם וואכמייסטער:

---

F[illegible]urich Schiller [illegible]

Wie er rauspert und er spuckt

Das hatt ihr in ihm glucklich abgeguckt!...

אַנדערש איז דער פאַל אין דער קאַטוילישער קירך. יעדער קריסט ליבט קריסטוסן אַלס זיין אידעאַל אָבן פילט זיך פאַרבונדן מיט די אַנדערע קריסטן דורך אידענטיפיצירונג. אבער די קירך פאָדערט פון אים עפּעס מער. ער זאָל זיך חוץ דעם אידענטיפיצירן מיט קריסטוסן און ליב האָבן אַלע אַנדערע קריסטן, ווי קריסטוס אַליין האָט זיי ליב. די קירך פאָדערט אויך אין ביידע פאַלן די דערגענצונג פון דער ליבידאָ פּאָזיציע. וואָס ווערט געשאַפן אַדאַנק דער מאסע. די אידענטיפיצירונג זאָל פאָרקומען אין דעם פאַל, דאָרט וווּ ס'איז פאָרגעקומען דער אויסקלויב פון אביעקט און די ליבע פון אביעקט אין דעם פאַל, דאָרט וווּ עס איז פאַראַן די אידענטיפיצירונג. דאָס דאָזיקע „מער" גייט באַשיינפערלעך אַריבער איבער דער קאָנסטיטוציע פון דער מאסע. מען קען זיין אַ גוטער קריסט, און דאָך ווייט זיין פון דער אידיי צו זיין אויף קריסטוס'עס אָרט און ליב האָבן אַלע מענטשן ווי ער. אַלס שוואַכער מענטש קען ער זיך נישט פאַרגלייכן צו דער נשמה־גרויס און ליבע־שטאַרקייט פונם דערלייזער, אָבער די דאָזיקע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דעם ליבידאָ־איינטיילונג אין דער מאסע איז וואַרשיינלעך דער מאָמענט, אויף וועלכן דאָס קריסטנטום פּרעטענדירט צו געווינען אַ העכערע זיטלעכקייט.

ב. מ האָבן געזאָגט, אַז עס וואָלט געווען מעגלעך אָנצוווייזן דעם מאָמענט אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער פּראָגרעס פאַר די אינדיווידואומען פון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע צו דער אינדי־

ווידוועלער פסיכאלאגיע ו׳. דעריבער מוזן מיר בקיצור צוריקגיין
צו דעם ווינטשפעלעכן מיטאָס וועגן פאטער פון דער אור
הארדע. שפעטער ווערט ער דערהויבן אלס וועלט באשאפער,
און מיט רעכט, ווייל ער האט געבוירן אלע זין, פון וועלכע
ס׳האט זיך באשאפן די ערשטע מאסע. ער איז געווען יעדן
איינעמס אידעאל, גלייכצייטיק מורא-געהאט פאַר אים און פאַר-
ערט, וואס האָט שפּעטער געשאפן דעם באַגריף „טאבו״. די
דאזיקע מערהייט האט זיך אמאָל צוזאמענגענומען, דערהרגעט און
צעריסן דעם פאטער. פון די זיגער ביי אָט דער מאָסע האָט
קיינער נישט געקענט פאַרנעמען זיין אָרט, אָבער ווען איינער
האָט דאָס יא באַוויזן, האָט זיך ווידער באַנייט דער קאַמף, ביז
זיי האָבן איינגעזען, אַז זיי מוזן זיך אלע אָפּזאגען אַלס יורשים
פון פאָטער. דאַן האָבן זיי געגרינדעט די טאָטעמיסטישע ברי-
דער-געמיינשאַפט, אלע מיט גלייכע רעכט און דורך דעם טאָ-
טעם-פאַרבאטגעבונדן זיך צו געדענקען אָן דעם מאָרד און אים
אויסקויפן. אבער די אומצופרידנהייט מיט דער דערגרייכטער
לאַגע איז געבליבן און איז געוואָרן אַ קוואַל פון נייע אַנטוויק-
לונגען, שטופנווייז האָבן די מענטשן, וואָס זענען געווען פאַר-
בונדן אין דער ברודער-מאַסע, זיך דערנענטערט צו דער איינ-
שטעלונג פון אַלטן צ.שטאַנד אויף אַ נייעם יסוד. דער מאַנס-
פערשוין איז ווידעראַמאָל געוואָרן דער ראש פון אַ פאַמיליע
און געבראָכן די הערשאפט פון דער פרוי, וואָס האָט זיך באַ-
פעסטיקט אין דער צייט פון פאָטערלאָזקייט. אַלס אַנטשעדיקונג
האָט ער דאמאלס מן הסתם אַנערקענט די מוטער-גאָטהייט, ווע-
מעס פריסטער ס׳זענען געוואָרן קאַסטרירט, כדי צו שיצן די
מוטער, לויטן ביישפּיל, וואָס עס האָט געגעבן דער פאטער
פון דער אור-האָרדע; דאָך איז די נייע פאַמיליע פאַרבליבן אַ

טאָטן פון דער אַלטער; פאָטערס זענען געווען אסך און יעדער
איז באַגרענעצט געווען דורך די רעכט פונם אַנדערן.

דאַן האָט די בענקשאַפט צו אַ פעלנדיקן פאָטער באַוויזן אַ יחיד אפצורייסן זיך פון דער מאַסע און פאַרנעמען דעם פאָטער׳ס אָרט. דער, וואָס האט דאָס געטון, איז געווען דער ערשטער עפּישער דיכטער, ער האָט דאָס פאַרווירקלעכט אין זיין פאַנטאזיע. דער דאָזיקער דיכטער האָט פאַרלייקנט די וויר-קלעכקייט אין גייסט פון זיין בענקשאפט. ער האָט אויסגעטראַכט דעם הערואישן מיטאָס אַ העלד איז געווען דער, וואָס האט אַליין דערהרגעט זיין פאָטער, און וואָס האט פיגורירט אינם מיטאָס אַלס טאטעמיסטישער פאַרזעניש. פונקט ווי דער פאָטער איז געווען דער ערשטער אידעאַל פון יינגל, אזוי האט איצט דער דיכטער געשאַפן דעם ערשטן איך-אידעאל אינם העלד, וואָס וויל פאַרטרעטן דעם פאָטער. אַלס ביישפּיל פון צוגע-בונדנקייט צום העראָס איז וואַרשיינלעך געווען דער יונגסטער זון, דער מוטערס ליבלינג, וועמען זי האָט באַשיצט פון דער אייפערזוכט פונם פאָטער, און וועלכער איז אין די אור-האָרדישע צייטן געוואָרן דער יורש פונם פאָטער. אין דער ליגנערישער איבערדיכטונג פון דער אור-צייט איז די פרוי, וואָס איז געווען דער קאָמפּס-פריז און אָנרייצונג צום מאָרד, וואַרשיינלעך גע-וואָרן פאַרפירערין און אויפ־רייצערין פונם פאַרברעכער.

דער העראָס זאָל אַליין האָבן פאַרווירקלעכט דעם דאָ-זיקן טאָט, וועלכן ס׳האָט געוויס געקענט טון נאָר די האָרדע אַלס גאַנצעס.

דאָך האט די לעגענדע, לויט Rank's באַמערקונג, אויפגעהיטן בולטע שפּורן פון אַ פאַרלייקנטער זאַך-לאַגע. ווייל דארט (אין דער דאזיקער לעגענדע) פאַסירט עס אפט, אַז דער העלד, וואס האָט צו לייזן אַ שווערע אויפגאבע — ס׳רוב דער יונגסטער זון, נישט זעלטן אַזאַ, וואָס מאַכט אן אנשטעל פון אַ נאַר פאַר דעם פאטער-סוראגאט, ד. ה. ער איז נישט פאַר אים געפער-לעך — קען לייזן די דאזיקע אויפגאבע נאָר מיט דער הילף פון אַ חברה פון קליינע חיות (בינען, מרוועקעס). דאָס זענען

געווען די ברידער פון דער אור-האָרדע, פונקט ווי אין דער
סימבאליק פון חלומות באטייטן די אינזעקטן און פאראזיטן
ברודער און שוועסטער (פאַראַכטלעך אַלס קליינע קינדער).
יעדע איינע פון די אויפגאַבן אין די מיטאס און בבא-מעשות
איז דעריבער לייכט צו דערקענען אלס ערזאַץ פון דער הע-
ראאישער טאַט.

דער מיטאס איז, אַלזא, דער שריט, מיט וועלכן דער
יחיד טרעט אַרויס פון דער מאַסן פסיכאָלאָגיע. דער ערשטער
מיטאס איז געוויס געווען דער פסיכאלאגישער, דער העראָישער
מיטאס; דער דערקלערנדיקער נאטור-מיטאס האָט געמוזט אויפ-
קומען אַסך שפּעטער. דער דיכטער, וואָס האט געמאכט דעם
דאזיקן שריט און אזוי ארום זיך באַפרייט אין דער פאַנטאזיע
פון דער מאסע, ער וייס, לויט Rank's א ווייטע־דיקע באמער-
קונג, אין אמתן דעם צוריק-וועג צו איר, ווייל ער גייט צו
דער מאַסע און דערציילט איר די טאַטן פון זיין העלד, וואָס
ער האָט אויסגעטראַכט. דער דאָזיקער העלד איז, אין גרונט
גענומען, נישט קיין אַנדערער ווי ער אַליין. ער פאַלט אַזוי
ארום אַראָב צו דער רעאַליטעט און דערהויבט זיינע צוהערער
צו דער פאַנטאַזיע. די צוהערער אַבער פארשטייען דעם דיכטער,
זיי קענען זיך אידענטיפיצירן מיטן העראס אויפן יסוד פון
דער אַלץ איינער בענקשאַפטלעכער באַציונג צום אור-פאָטער. 1)

דער ליגן פון דעם העראישן מיטאס דערגרייכט זיין
העכסטן פונקט אין דער פארגעטלעכונג פונם העראָס. אפשר
איז דער פאַרגעטלעכטער העראס פריער געווען ווי דער פאטער-
גאט, דער פאַרלויפער פונם אור-פאטערס אַלס צוריקער גאטהייט. די
געטער-ריי איז דאן כראנאלאגיש אַזוי: מוטער-געטין — העראס

1) v gl. H a n s s a ch s: Gemlensame Tagträume Auto-
eferat elnes vortrages auf dem N psychoanalytischdn kon-
gress im Hag 1920. Jnternationale Zeitschrift für Psychoana-
lyse VI 1920.

פאַטער־גאַנץ [illegible] ערשט־מיטל דערהייבונג פון רעס
קיינמאל־נישט־פאַרגעסענעם אור־פאַטער האָט די גאָטהייט באַ-
קומען די שטריכן, וואָס מיר זעען אין איר נאָך היינט 1).

ג. אין דער דאַזיקער אָפּהאַנדלונג האָבן מיר אַסך גע-
רעדט פון דירעקטע און פון ציל־געהאַמעוועטע סעקסועלע־ניי-
גונגען, און מיר דאַרפן האָפן, אַז די דאָזיקע אונטערשיידונג
וועט נישט אָנטרעפן אויף אַ גרויסן ווידערשטאַנד. דאָך וועט
נישט זיין איבעריק אַ נענטערע באַטראַכטונג וועגן דער דאַזי-
קער פראַגע, אפילו ווען עס ווערט איבערגעחזרט דאָס, וואָס
איז שוין גרעסטנטיילס געזאָגט געוואָרן אויף פריערדיקע
ערטער.

דער ערשטער, אָבער אויך בעסטער ביישפּיל פון ציל־גע-
האַמעוועטע סעקסועלע נייגונגען האָט אונז געגעבן די ליבידאָ-
אַנטוויקלונג פונם קינד. די אַלע געפילן, וואָס דאָס קינד
האָט פאַר זיינע עלטערן און פאַר די מענטשן, וואָס זאָרגן
פאַר אים, פאַרווירקלעכן זיך אָן באַגרענעצונג אין די ווינטשן,
וועלכע גיבן דעם אויסדרוק פון דעם קינדס סעקסועלן שטרעבן.
דאָס קינד פאַרלאַנגט פון די דאָזיקע געליבטע פּערזאָנען אַלע
צערטלעכקייטן, וואָס זענען אים באַקאַנט, וויל זיי קישן, בערירן,
באַקוקן, איז נייגעריק צו זען זייערע געניטאַליען און בייצו-
זיין ביי זייערע אינטימע עקסקרעציע־אָפּריכטונגען. עס זאָגט־צו
מיט דער מוטער אָדער פלעגערין חתונה צו האָבן, וואָס אַזוינס
ס'זאָל נישט מיינען אונטער דעם דאַזיקן באַגריף, עס נעמט
זיך אָן צו געבוירן דעם פאָטער אַ קינד א. א. וו. דירעקטע
באַאָבאַכטונגען, ווי אויך די שפּעטערדיקע אַנאַליטישע באַלייכטונג
פון די רעשטן פון דער קינדהייט, לאָזן נישט איבער קיין ספק

1) אין דער דאַזיקער פאַרקירצטער שילדערונג איז אויסגעקומען אָפּצו-
זאָגן זיך פון גאַנצן מאַטעריאַל, זאָגן, מיטאָס, לעגענדן, מאָראַל־געשיכטע א.א. וו
כדי צו שטיצן זיך אויף דער דאָזיקער קאָנסטרוקציע.

זין דעם אומיטלבאַרן צוזאַמענפֿליסן פון צערטלעכע און איי־
פערזיכטיקע געפילן און סעקסועלע כוונות און זיי ווייזן אונז
אָן ווי גרונטלעך דאָס קינד מאַכט די געליבטע פּערזאָן אַלס
אָביעקט פון זיינע נאָך נישט־ריכטיק קאָנצענטרירטע סעקסועלע
באַשטרעבונגען (זע: סעקסועלע טעאריע).

די דאָזיקע ערשטע ליבע־געשטאַלטונג פון קינד, וואָס
ליגט־אונטער אין אַ טיפּישן אופן דעם עדיפּ־קאָמפּלעקס, פאַלט
אַרונטער, ווי באַקאַנט, אונטער אַ פאַרלייקענונג אינעם אָנהייב
פון לאַטענטן פּעריאָד. דאָס, וואָס עס בלייבט נאָך אָט דער
פאַרלייקענונג ווייזט זיך אונז אויס אַלס אַ ריין־צערטלעכע גע־
פיל־געבונדנקייט, וואָס גילט די זעלבע פּערזאָנען, אָבער קען
נישט באַצייכנט ווערן אַלס „סעקסועל”. דעם פּסיכאָלאָג, וועלכער
באַלייכט די טיפענישן פון גייסטיקן לעבן, איז נישט שווער
אויפצוווייזן, אַז אויך די סעקסועלע צוזאַמענבונדן פון די ער־
שטע קינדער־יאָרן עקזיסטירן נאָך, אָבער זיי זענען פאַרשטויסן
און אומבאַוווסטזיניק. ער גיט אונז דעם מוט צו באַהויפּטן, אַז
אומעטום, וווּ מיר באַגעגענען אַ צערטלעך געפיל, איז דאָס דער
נאָכפאָלגער פון אַ פולקאַם „זינלעכן” אָביעקט־צוזאַמענבונד צו
דער באַטרעפנדער פּערזאָן, אָדער איר פאָר־בילד. (Imago) ער
קאָן אונז, — געוויס, אָן קיין באַזונדער אויספאָרשונג, — נישט באַ־
ווייזן צי עס עקזיסטירט נאָך אין געגעבענעם פאַל די פריער־
דיקע סעקסועלע נייגונגען אין אַ פאַרלייקנטן צושטאַנד, אָדער
זיי זענען שוין פאַרצערט. נאָך בולטער צו זאָגן: עס איז פעסט־
באַשטימט, אַז זי איז נאָך פאַראַן אַלס פאָרם און מאַכט מעג־
לעך און קאָן נאָך צו יעדער צייט ווערן אַקטיוו דורך רעג־
רעסיע; עס פרעגט זיך, און עס איז נישט שטענדיק לייכט צו
אַנטשיידן, וועלכע פאָרם און ווירקזאַמקייט זי האָט נאָך אין
דער איצטיקער צייט. מען מוז דאָ אין אַ גלייכער־מאָס אין אַכט
נעמען צוויי קוועלן פון פעלערן; די סצילאַ פון דער אונטער

שעצונג ביי דעם פאַרבאָרגענעם אומבאַוווסטזיניקן. און
די כאַריבדע פון דער נייגונג צו מעסטן דאָס נאָרמאַלע דוקא
מיט דער מאס פון דעם פאטאלאגישן.

דער פסיכאָלאָגיע, וועלכע קען וי‚ ו אָדער וויל נישט
דורכדרינגען די טיפקייט פון דאָס אָפגעלייגטע, פאַרלייקנטע,
שטעלן זיך די דאָזיקע צערטלעכע געכיל-צוזאַמענבונדן יעד פאַלס
אַלס אויסדרוק פון שטרעבונגען, וואָס צילן נישט צום סעק-
סועלן, אפילו ווען זיי שטאַמען פון די זעלבע צוגעבונדזקייטן.
וואָס האבן אַ סעקסועלע באַפארבונג. 1)

מיר זענען באַרעכטיקט צו זאָגן, אַז די דאָזיקע שטרעך
בונגען זענען אָפגעצנייגט פון די דאזיקע סעקסועלע צילן. ווע-
אפילו עס איז שווער צו צופאַסן די פאדערונגען פון דער מע־
סאַפסיכאלאגיע צו אַזאַ שילדערונג, וועגן דער אָפנייגונג פון
ציל. איבעריקנס, היטן נאך אויף די דאָזיקע ציל געהאַמעוועטע
נייגונגען אייניקע פון די אורשפּרינגלעכע סעקסועלע צילן;
אויך דער צערטלעך נאָענטער, דער פריינט, דער פאַרערער
זוכט די קערפערלעכע נאָענטקייט און דעם אָנבליק פון דער
פערזאָן, וואָס ער ליבט „אין גייסט פון אַפאסטאל פאַול". אויב
מיר ווילן, קענען מיר אין דער דאָזיקער אָפנייגונג פון ציל
אנערקענען דעם אנהייב פון סובלימירונג פון די סעק.
סועלע נייגונגען, אָדער נאָך ווייטער פאַרברייטערן די גרעניצען
פון די לעצטע. די ציל-געהאַמעוועטע סעקסועלע ניינונגען האָבן
אַ גרויסן פוקנציאָנעלן פאָרטייל פאַר די נישט-געהאַמעוועטע.
ווייל זיי זענען נישט פעיק צו קיין פולשטענדיקער באַפרידי-
קונג, זענען זיי צוגעפאַסט צו שאַפן דויערהאַפטיקע צוזאַמענ-
בונדן, בעת די דירעקטע סעקסועלע פאַרלירן זייער ענערגיע
יעדעס מאָל ביים באַפרידיקן זיך און זיי מוזן וואַרטן אויף
באַנייאונג דורך אויפסניי צונויפזאַמלען דעם סעקסועלן

---

1) די פיינטליכע געפילן זענען געוויס אַ ביסל קאָמפּליצירטער
אויסגעבויט.

אָביעקס. די געהעמעוועטע נייגונגען זענען אין יעדער מאָס
ועיק זיך אויכצומישן מיט די גישט-געהאַמעוועטע, קענען זין
אין זיי צוריק פאַרוואַנדלען, פונקט אַזוי ווי זיי זענען פון זיי
אַרויסגעוואַקסן. עס איז באַקאַנט ווי לייכט עס אַנטוויקלען זיך
פון געפילס-באַציונגען אויפן פריינטשאַפטלעכן אַרט, וואָס שטיצן
זיך אויף אָנערקענונג און באַוווּנדערונג, עראָטישע ווינטשן (דאָס
מאָל יער'שע (Embrasse-moi pour lamour du Grec) צווישן מייס-
טער און שילערין, קינסטלער און אַנטציקטע צוהערער, באַזונ-
דערס ביי פרויען. יאָ, די אַנטשטייונג פון אַזעלכע געפיל-צוזאַ-
מענבונדן, וואָס האָבן נישט צום ערשט קיין שום סעקסועלע
סוונות, גיט דירעקט אַ באַטרעטענעם וועג צו דער סעקסועלער
אביעקט-וואַל.

אין זיין „Frömmigkeit des Grafen von Zinzendorf" האָט
Pfister געוויזן אַ בולטן, געוויס נישט פאַריינצלטן ביישפיל פון דעם, ווי
נאָענט עס איז, אַז אויך אינטענסיווע רעליגיעזע צוגעבונדנקייט
פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פלאַמעדיקע סעקסועלע אויפרעגונג. פון
דער צווייטער זייט איז אויך די פאַרוואַנדלונג פון דירעקטע
קורצלעבעדיקע סעקסועלע שטרעבונגען אין דויערנדיקער, בלויז
צערטלעכער צוגעבונדנקייט פון עפעס זייער געוויינלעכעס, און
די קאָנסאָלידירונג פון אַ חתונה, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן
פון אַ פאַרליבטער ליידנשאַפט, שטיצט זיך גרעסטנטיילס אויפן
דאָזיקן פּראָצעס.

עס וועט אונז, נאַטירלעך, נישט פאַרווונדערן צו הערן
אַז די ציל-געהאַמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען אַנטשטייען פון
די דירעקט סעקסועלע, אויב דער דערגרייכונג פון די סעקסועלע
צילן שטעלן זיך אַנטקעגן אינערלעכע אָדער אויסערלעכע שטע-
רונגען. דאָס פאַרשטויסן די לאַטענצצייט איז אַן אינערלעכע —
אָדער בעסער געזאָגט: אַזאַ אינערלעך-געוואָרענע שטערונג
ביים פאָטער פון דער אור-האָרדע האָבן מיר אָנגענומען, אַ
צר צווינגט, צוליב זיין סעקסועלער אומטאָלעראַנץ, אַלע זין צו

אבספינענץ, און שטופט זיי אַזוי ארום אין ציל-געהאַמעוועטע
צוגעבונדנקייטן, בעת ער גופא באַהאַלט פאַר זיך דעם פרייען
סעקסועלן געניס און ער אַליין בלייבט נישט געבונדן. אַלע
צוגעבונדנקייטן, אויף וועלכע די מאַסע שטיצט זיך, געהערן צו
דעם מין פון ציל-געהאמעוועטע נייגונגען. מיט דעם האָבן מיר
זיך דערנענטערט צו דער באַטראַכטונג פון אַ נייער טעמע, וואָס
באַהאַנדלט די באַציונג פון די דירעקטע סעקסואַל-נייגונגען צו
דער מאַסע.

דורך די ביידע לעצטע באַמערקונגען זענען מיר שוין
צוגעגרייט צו דעם, אַז די דירעקטע סעקסועלע באַשטרעבונגען
זענען נישט גינסטיק פאַר דער מאַסע. הגם אויך אין דער אַנ-
טוויקלונגס-געשיכטע פון דער פאַמיליע האָבן עקזיסטירט מאסן-
באַציונגען פון דער סעקסועלער ליבע (די גרופן-חתונה), אָבער
וואָס באַדייטונגספולער ס׳איז געוואָרן די געשלעכטלעכע ליבע
פאַרן „איך", אַלץ מער פארליבטקייט האָט זיך אַנטוויקלט, אַלץ
עקשנותדיקער פאָדערט זי די באַשרענקונג אויף צוויי פערזאנען
– una cumuno – וואָס זענען דורך דער נאַטור אָנגעצייכנט
געוואָרן פאַר דעם געניטאַל-ציל. די פאַליגאַמישע נייגונגען
זענען אָנגעוויזן אויף דרויף זיך צובאפרידיקן מיט דעם פאָלגנ-
דיקן טויש פון אָביעקט.

די ביידע פערזאָנען, וואָס זענען אָנגעוויזן איינער אויפן
אַנדערן פאַרן צוועק פון סעקסועלער באַפרידיקונג, דעמאָנסטרירן
קעגן דעם סטאַדע-אינסטינקט, מאַסע-געפילן, זוכנדיק איינזאַמקייט.
וואָס פאַרליבטער זיי זענען, אַלץ פולקאָמענער גענוגן זיי איי-
נער פאַרן צווייטן. דאָס אָפּוואַרפן דעם איינפלוס פון דער
מאַסע דריקט זיך אויס אַלס בושה-געפיל. די אויסערסט-העפ-
טיקע געפילס-אויפרעגונגען פון דער אייפערזוכט ווערן גערופן,
כדי צו שיצן די סעקסועלע אָביעקט-וואַל פון אַ היזק דורך דער
צוגעבונדנקייט צו דער מאַסע. נאָר אויב דער צערטלעכער, דער
פערזענלעכער פאַקטאָר פון דער ליבע-באַציונג טרעט אינגאַנצן
צוריק פאַר דעם זינלעכן, ווערט מעגלעך דער ליבע-פאָרקום פון
אַ פאָר-פאָלק אין דער קעגנוואַרט פון אַנדערע אדער גלייכצייטיקע

סעקסועלע אקטן. אינערהאַלב אַ גרופּע ווי בעת אַן אָרגיע. מיט דער איז אָבער געגעבן אַ רעגרעסיע צו אַ פרייען צושטאַנד פון עשלעכט-באַציהונגען, בעת וועלכע די פּאַרליבטקייט האָט נאָך נישט געשפּילט קיין ראָל, און די סעקסועלע אָביעקטן זענען גלייכווערטיק איינער דעם צווייטן, עטוואָס אין זין פון בערנאַר שאָוס גיפטיקע ווערטער: פּאַרליבט זיין הייסט געוואַלטיק איבער צושעצן דעם אונטערשיד צווישן איין פרוי און אַ צווייטער.

עס זענען פאַראַן אַסך סימנים, אַז די פּאַרליבטקייט טרעט ערשט שפּעטער אַריין אין די סעקסועלע באַציונגען צווישן מאַן און ווייב, אַזוי אַז אויך די קעגנשאַפט צווישן געשלעכט-לעכע ליבע און מאַסן-צוגעבונדנקייט איז ערשט אַ שפּעטערע אַנטוויקלונג.

אין גרויסע קינסטלעכע מאַסן, אין דער קירך און אין מיליטער, האָט די פרוי אַלס סעקסועלער אָביעקט נישט קיין אָרט. די ליבע-באַציונגען צווישן אַ מאַנספּערשוין און פרוי בלייבן מחוץ די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס. אפילו דאָרטן, ווו עס פאָרמירן זיך מאַסן, וואָס באַשטייען פון מאַנסלייט און פרויען, שפּילט נישט קיין ... שום ראָל די געשלעכטלעכע אונטערשיידונג. עס בלייבט כמעט ווי אַ פראַגע צי דער ליבידאָ, וואָס בינדט צונויף די מאַסע, טראָגט אַ האָמאָסעקסועלן אָדער העטעראָסעק-סועלן כאַראַקטער, ווייל ער, דער ליבידאָ, איז נישט דיפערענ-צירט לויט די געשלעכטער און ער האָט גאָרנישט אין זינען די גענייטאַלע אָרגאַניזאַציע פונם ליבידאָ.

די דירעקטע סעקסועלע שטרעבונגען היטן אויך אויף, ביז אַ געוויסער מאָס, די אינדיווידועלע טעטיקייט ביי אַ מענטש, וואָס ווערט געוויינלעך אויפגעלייזט אין דער מאַסע. דאָרט, ווו זיי פאַרשטאַרקן זיך אויסערגעוויינלעך, פאַרניכטן זיי יעדע מאַסע. די קאַטוילישע קירך האָט געהאַט וואָגיקע מאָ-טיוון, רעקאָמענדירנדיק די גלויביקע דאָס נישט-חתונה-האָבן, און אַרויפלייגנדיק אויף אירע הייליקע דינער דעם צעליבאַט, אָבער די פאַרליבטקייט איז אָפט אויך פאַר די גייסטלעכע

פֿערזאַנען געווען אַ סטימול אַרויסצוטרעטן פֿון דער קירך. דעפֿ־
נליכן לייזט די ליבע צו אַ פֿרוי אויף די צוגעבונדנקייט פֿון
דער מאַסע צו דער ראַסע, די נאַציאָנאַלע ראַמען און די
סאָציאַלע קלאַסן אָפּצוימונגען, און פֿירט אַדאַנק דעם וויכ־
טיקע קולטורעלע אויפֿגאַבן. בלי ספֿק, אַז די האָמאָסעקסועלע
ליבע פּאַסט זיך לייכטער צו די מאַסן־צוגעבונדנקייטן אָפּ
דאָרט, ווו זי באַווייזט זיך, ווי נישט־געהאַמעוועטע סעקסועלע
שטרעבונגען. דאָס איז אַ שטוינענדער פֿאַקט, און אים צו דער־
קלערן וואָלט אונז צו ווייט פֿאַרפֿירט.

די פּסיכאָלאָגיע אויספֿאָרשונג פֿון די פּסיכאָנעוראָזן האָט
אונז דערוויזן, אַז מען דאַרף ה לטן זייערע סימפּטאָמען פֿאַר
אַזעלכע, וואָס שטאַמען אָפּ פֿון די אַרויסגעשטויסענע, נאָך
וועלכע זענען געבליבן אַקטועלע דורך די דירעקטע סעקסועלע
שטרעבונגען. די דאָזיקע פֿאָרמול דאַרף מען דערגענצן: די
סימפּטאָמען קענען זיך אויך באַווייזן אַלס אָפּשטאַמענדיקע פֿון
ציל־געהאַמעוועטע שטרעבונגען ביי וועלכע די געהאַמעוועטקייט
איז לגמרי נישט געלונגען, אָדער ביי וועלכע ס'איז פֿאַרגעקו־
מען אַ צוריקקער צום אַרויסגעשטויסענעם סעקסועלן ציל.

די דאָזיקער מיט־שייכות אַנטשפּרעכט פֿולקאָם דעם
פֿאַקט, וואָס דער מענטש ווערט אונטערן איינפֿלוס פֿון נעוראָזן
אַסאָציאַל און ער רייסט זיך אָפּ פֿון די געוויינלעכע מאַסן.
מען קען זאָגן, אַז דער נעוראָז, פּונקט ווי די פֿאַרליבטקייט,
ווי־קט פֿאַרניכטענד אויף דער מאַסע. דעריבער קען מען זען,
אַז דאָרט, ווו ס'איז פֿאַראַן אַ סטימול צו אַ מאַסן־פֿאַרמירונג,
טרעט אָפּ דער נעוראָז אויפֿן לעצטן אָרט, און קען, לכל
הפּחות, אינגאַנצן פֿאַרשווינדן ווערן אויף אַ געוויסער צייט.
ס'זענען אפֿילו געמאַכט געוואָרן באַגרינדעטע פּרוון אָנצו־
ווענדן די דאָזיקע נישט צוגעפּאַסטקייט פֿון נעוראָז און דער
מאַסע ווי טעראַפּעטיש מיטל. אפֿילו דער, וואָס באַדויערט נישט
דאָס פֿאַרשווינדן ווערן פֿון רעליגיעזע אילוזיעס אין דער
היינטצייטיקער קולטור־וועלט, איז מודה, אַז זיי זענען געווען
אַ שטאַרקע שוץ בעת דער נעוראָזישער געפֿאַר פֿאַר מענטשן,

וואָס די האָבן צוזאַמענגעבונדן. ס'איז נישט שווער צו זעען אין די אַלע צוגעבונדנקייטן די מיסטיש רעליגיעזע אָדער פי-לאָזאָפיש-מיסטישע סעקטעס און געמיינדעס אַן אויסדרוק פון פסיידא היילונג פון פאַרשידענע נעוראָזן. דאָס אַלץ איז פאַר-בונדן מיט דער סתירה אין די דירעקטע און צילגעהאַמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען.

דער נעוראָטיקער איז אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, ער מגז זיך מיט זיינע סימפטאָמען אַליין פאַרטרעטן די ריזיקע מאַסן פון וועלכע ער איז אויסגעשלאָסן, ער באַשאַפט זיך זיין אייגן פאַנטאַסטיש וועלטל, און זיין, פון וועג רעדנדיקן סיסטעם זיין אייגענע רעליגיע, זיין אייגן סיסטעם. און אַזוי אַרום האָט ער איבער די אינסטיטוציעס פון דער מענטשהייט אין אַ פאַר-קריפּלטער פאָרם, וואָס איז אַ באַווייז פונם שטאַרקן אָנטייל פון די דירעקטע סעקסועלע שטרעבונגען. 1)

ד. צום סוף וועלן מיר געבן אַן אָפּשאַצונג, אַרויסגייענ-דיק פון דער ליבידא-טעאָריע, פון יענע צושטאַנדן, וואָס מיר האָבן שטודירט: פאַרליבטקייט, היפּנאָז, מאַסע און נעוראָז.

די פאַרליבטקייט שטיצט זיך אויף דער גלייכצייַ-טיקער עקזיסטענץ פון דירעקטע און ציל-געהאַמעוועטע סעקסו-עלע שטרעבונגען, דערביי ווערט עס אָביעקט אַוועקגעגעבן אַ טייל פונם נאַרציסטישן „איך" ליבידא, בעת דער פאַרליבט-קייט עקזיסטירט נאָר דער „איך" און דער אָביעקט:

דער היפּנאָז צעטיילט מיט דער פאַרליבטקייט די באַ-גרענצונג פון די צוויי פערזאָנען, ער שטיצט זיך אָבער אויס-שליסלעך אויף ציל-געהאַמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען און שטעלט דעם אָביעקט אויפן אָרט פון „איך" אידעאַל. (

די מאַסע פאַרפילט דעם דאָזיקן פּראָצעס; זי פאַלט צענויף מיטן היפּנאָז און כאַראַקטער פון די איר צוזאַ

---

1) זע „טאָטעם און טאַבו" 2-טע קאַפּיטל.

מענבונדנדיקע נייגונגען און אינם פאַרבייט פונם „איך‟ אידעאַל דורכן אָביעקט, אָבער ביי איר פאַראייניקט זיך די אידענטיפיצי-רונג מיט אַנדערע אינדיווידואומען, וואָס איז, געוויס, אור-שפּרינגלעך געווען מעגלעך אַדאַנק דער זעלבער באַציונג צום אָביעקט.

די ביידע צושטאַנדן, סיי דער היפּנאָז, סיי די מאָסע, זענען ירושה-אָפּזאַצן פון דער פילאָגענעזע פונם מענטשלעכן ליבידאָ; דער היפּנאָז—ווי אַ פאַרנייגונג פון די מאַסע חוץ דעם ווי אַ דירעקטע איבערגעלעבטע זאַך. דער פאַרבייט פון די-רעקטע סעקסועלע שטרעבונגען אין ציל-געהאַמעמטע, ווירקט אין ביידע פאַלן אויף דער אָפּזונדערונג פונם „איך„ און „איך‟ אידעאַל; דער יסוד איז שוין געלייגט געוואָרן בעת דער פאַר-ליבטקייט. .

דער נעוראָז טרעט אַרויס פון דער ריי, ער שטיצט זיך אויך אויף דער אייגנאַרטיקייט פון דער אַנטוויקלונג פונם מענטשלעכן ליבידאָ, אויף דעם איבערגערופענעם, איבערן לאַטענסן פעריאָד, צווייפאַכיקן יסוד פון דער דירעקטער סעק-סועלער פונקציע.

(זע: טעאָריע פון געשלעכטלעכער נייגונג)·

אין דער הינזיכט טיילט ער מיטן היפּנאָז און דער מאַסע דעם כאַראַקטער צון דער רעגרעסיע וואָס די פאַרליבט-קייט מיידט אויס. ער קומט שטענדיק אָן אין די פאַלן, ווו ס'איז נישט פולקאָם געלונגען דער איבערגאַנג פון דירעקטע צו ציל-געהאַמעוועטע סעקסועלע שטרעבונגען; ער איז דער אויסדרוק פונם קאָנפליקט צווישן די איינגעזאַפּטע אינם „איך‟ נייגונגען' וואָס האָבן אדורכגעמאַכט אַזאַ אַנטוויקלונג, און אַ טייל פון די נייגונגען וואָס שטרעבן פון דער אַרויסגעשטוי-סענער אומבאַוווסטזיניקער ספערע צו זייער דירעקטער באַפרי-דיקונג (פונקט ווי אַנדערע פולשטענדיק אַרויסגעשטויסענע ניי-גונגען). לויטן אינהאַלט איז דער נעוראָז אויסערגעוועגלעך רייך, ווייל ער נעמט אַרום אַלע מעגלעכע באַציונגען צווישן „איך‟ און אָביעקט. פין די, אין וועלכער דער אָביעקט היט

זיך אויף, סיי יענע, אין וועלכע מען זאָגט זיך אָפּ פון איט אָדער אין וועלכע דער „איך" איז אַליין דער אָביעקט; דאָ אַהער געהערן אויך די קאָנפליקט־באַציִונגען צווישן „איך" און „איך" אידעאַל.

— סוף —

# תּיקון־טעות

| זייט | שורה | אַנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 19 | 28 | zetualterie | sexualtheorie |
| 25 | 21 | | אַ פּונקט נאָך שילדערונגען. |
| 34 | 9 | אוּרפּענאנון | אורפּענאָמען |
| 35 | | | Christopoarus אין דער זעקסטער שורה, דאַרף זיין אין כּוח פון דער 5־טער |
| 37 | | | אין דער באַמערקונג דאַרף זיין: ניט p.u. נאָר für. ניט Pofister נאָר Pfister |
| 38 | 30 | | פעלט „אין" נאָך איידער |
| 41 | 10 | יסוד | יחיד |
| 86 | 3 | פליטן | פליכטן |
| „ | 5 | דער דאָזיקער | די דאָזיקע |
| „ | „ | נויטווענדיקפּר | נויטווענדיקער |
| „ | „ | „מער" און „מיר" שטייען אין אַ פאַרקערטן סדר. | |
| 87 | 5 | גבאאד | גראד |
| 88 | 3 | דערפאָלג | רעזולטאַט |

BIBLIOTEKA NARODOWA BN

פרייז 3.50

10 SRP 1931

פאַרלאַג **מ. יערוכעמזאָן**, וואַרשע

נאָר וואָס דערשינען די דריטע אויפלאַגע פונם גלענצענדן האַנטבוך פונם מאַרקסיסטישן געדאַנק

נ. בוכאַרין.

# טעאָריע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם

איבערזעצט (פון דער לעצטער רוסישער אויסגאַבע 1925) דורך שרה לערמאַן.

טיף און גרונטלעך שעפּט בוכאַרין אויס יענע אַלע פּראָבלעמען וואָס וויבּרירן אין מוח פון יעטוועדן דענקנדן מענטש.

די קענסט זיין אַן אָנהענגער, אָדער אַ קעגנער פון דער דאָזיקער געשיכטס-פילאָזאָפיע דאָך גלייכגילטיק וועט נישט אַדורכ-גיין קיין שום דענקנדיקער מענטש, פאַר די דאָזיקע צוויי אייביקע פּראָבלעמען גייסט און מאַטעריע, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די אומאויפהערליכע צוציונקס און אָפּשטויס קראַפט פונם מענטש-ליכן געדאַנק דורך אַלע דורות.

פאַר דעם קלאַסן באַוווּסטזיניקן אַרבעטער אָבער, איז די דאָ-זיקע געשיכטס-פילאָזאָפיע געווען דורך דעם גאַנצן דורותדיקן קאַמף, פאַר זיין באַפרייאונג—ביזן היינטיקן טאָג אין ווירבל און דראַנג פון געשיכטלעכע געשעענישן דער עמוד האש, דער לייכט-טורם וואָס האָט באַלויכטן און באַלויכט דעם געשלענגלטן באַרג ארויף וועג, צו זיין אַנטגילטיקע באַפרייאונג דער סאָציאַליזם.